# זאמל-בוך

צו דער געשיכטע פון דער

# יידישער פּרעסע
## אין אַמעריקע

רעדאקטירט פון

**דר. יעקב שאַצקי**



ארויסגעגעבן פון דער

**יידישער קולטור געזעלשאַפט**

149 צווייטע עוועניו, ניו יאָרק

1934

# זאמל - בוך



צו דער געשיכטע פון דער

# יידישער פרעסע
## אין אַמעריקע

רעדאקטירט פון

דר. יעקב שאַצקי



אַרויסגעגעבן פון דער
**יידישער קולטור געזעלשאַפט**
ניו-יאָרק, 1934

# אינהאלט

זייט



צו דער אויסשטעלונג פון דער יידישער פרעסע

■ אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע ■

עפענונג שבת אָוונט, דעם 12טן מאַי, 1934

# הקדמה

די דאָזיקע באַשיידענע זאַמלונג מיט אַרטיקלען צו דער געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע, איז דער ערשטער פּרואוו צו טאָן עפּעס ממשות׳דיקס אויף אַ געביט, וואָס איז אַזוי רייך אין מאַטעריאַלן און אַזוי אָרים אין מאָנאָגראַ־פישע פאָראַרבעטן.

די יידישע פּרעסע אין אַמעריקע שטעלט פאָר מיט זיך אַן אויסערגעוויינלעך רייכן קוואַל פאַר כל המינים פאָרשונגען. זי איז שוין ניט איין מאָל אויסגענוצט געוואָרן פאַר דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור, אַרבעטער־באַוועגונג און פאַר אַנדערע ענינים. זי איז אָבער נאָך קיינמאָל ניט אויסגענוצט געוואָרן פאַר דער געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע.

אין דעם דאָזיקן פּאַראַדאָקס שטעקט דער מוסר השכל פון אונזער גאַנצער קולטור־אַרבעט דאָ אין לאַנד.

די יידישע פּרעסע אין אַמעריקע איז אינטערעסאַנט בפועל ממש, ד. ה., ווי אַ פּרעסע, ווי אַן אָרגאַניזירטער אויסדרוק פון די לויז אָרגאַניזירטע יידישע ריכ־טונגען און באַוועגונגען אין דער יידישער אַמעריקע.

שטודירן די יידישע פּרעסע מיינט אַרויסבאַקומען דעם מאַקסימום אויסדרוק אין אַ „קוועטשניט״ פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכער מיינונג. עס איז אָבער אַ טעות צו דענקען אַז די אַרבעט איז די איינציקע, וואָס באַרעכטיקט דאָס באַנוצן זיך מיט דער פּרעסע, ווי מיט אַ קוועלע.

די פּרעסע איז אַ ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציע. וואָס זענען די סיבות, וואָס האָבן גורם געווען, אַז אונזער פּרעסע זאָל זיך אַנטוויקלען אין אַזאַ שטאַרקער עקאָנאָמישער אינסטיטוציע?

די סאָציאָלאָגיע פון דער פּרעסע איז אַסך אינטערעסאַנטער, ווי די דרויסנדיקע געשיכטע אירע און דערפאַר פאָדערט אַזאַ מין צוגאַנג פיינלעכע קליינאַרבעט, פאָר־שטודיען, פאַקטן און דאַטן, אָן וועלכע עס איז אוממעגלעך צו שרייבן אַ סאָציאָ־לאָגישע אינטערפּרעטאַציע פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין אַמעריקע אין שייכות מיט דער יידישער פּרעסע.

די אויסשטעלונג פון דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע, אַראַנזשירט פון דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט מיט דער הילף פון אַמאָפּטייל פון דעם יידישן וויסנ־שאַפטלעכן אינסטיטוט, איז די ערשטע מאַניפעסטאַציע פון דער פּילפאַרבקייט, ריינקייט און וויטאַליטעט פון אונזער פּרעסע.

עס איז דער ערשטער פּרואוו צו געבן אַ בליק אויף איר אין דער פאַרגאַנ־גענהייט און קעגנוואַרט און אַרויסברענגען אין מוסטערן די אייגנאַרטיקע וועגן פון איר אַנטוויקלונג.

עס איז ניט מער ווי אַ פּרואוו, פּונקט ווי די דאָזיקע זאַמלונג איז ניט מער ווי די ערשטע טריט צו פאָרשן אַ געביט פון דער יידישער קולטור, וואָס איז מסתמא דערוועיל ניט געפאָרשט געוואָרן, ווייל ער איז אַזוי... לעבעדיק.

היסטאָריקער האָבן ליב זיך צו פאַרנעמען מיט מומיעס, מיט אַן עבר, וואָס קומט שוין מער ניט צוריק. די יידישע פּרעסע אין אַמעריקע איז ווייט פון מוזיי־אומישקייט. זי איז אַ לעבעדיקער יש, וואָס לעבט מיטן היינט, גלויבט שטאַרק אין מאָרגן און ממילא קימערט זי זיך ניט אַזוי שטאַרק פאַרן נעכטן.

דאָס איז די סיבה פאַרוואָס איז די פּרעסע־פאָרשונג בכלל ביי אונז אַזוי פאַרנאַכלעסיקט.

איצט איז געקומען די צייט צו געבן אַ היסטאָרישן אַנאַליז פון די פּראָצעסן,

וואָס האָבן גורם געווען די אַנטוויקלונג פון דעם דאָזיקן וויכטיקן פאַקטאָר אין אונזער קולטורעלן לעבן.

די פּרעסע־אַרכיוון אין ווילנע (ביים ייוואָ) און אין קיעוו (ביי דער ידישער קאַטעדר) זענען אַ בולט'ער באַווייז פאַר דעם גרויסן אינטערעס, וואָס די יידישע פּרעסע האָט אַרויסגערופן ביי דער יונגער וויסנשאַפט.

— אויך אין אַמעריקע איז געקומען די צייט אויף „זאַמלען און שניידן״ — אויף קאָנקרעטע אַרבעטן וועגן דער געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע.

די דאָזיקע זאַמלונג שטעלט פאַר מיט זיך אַ התחלה אויף דעם געביט. דער המשך וועט קומען, אויב די יידישע צייטונגען אין אַמעריקע וועלן קומען אונז צו הילף און מיט זייער שטיצע וועלן זיי מאַכן מעגלעך, אַז ווייטערדיקע העפטן פון דער געפּלאַנטער סעריע זאָלן דערשיינען.

צוליב מאַנגל אין פאָנדן האָבן מיר געמוזט דערווייל אַרויסגעבן אַזאַ קליינע זאַמלונג.

מיר האָפן, אַז די צווייטע, אַסך אַ גרעסערע, זאַמלונג, וואָס איז שוין, אגב, פאַרטיק צום דרוק, וועט קענען דערשיינען נאָך היינטיקס יאָר.

צום סוף ווילן מיר אויסדריקן אונזער דאַנק דעם קאָמיטעט, וואָס אָרגאַניזירט די אויסשטעלונג, ווי אויך די מיטאַרבעטער פון דעם דאָזיקן בוך, וואָס האָבן ניט געשפּאָרט קיין צייט און מי, כדי צו שאַפן די ערשטע אויסגאַבע אין יידיש, געווידמעט דער געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע.

**דר. יעקב שאַצקי**

8 מאַי 1934
ניו יאָרק

ד ר. מ ר ד כ י ס אַ ל ט ע ס
ייִדיש: פון מ. מענטשעל

# די וויכטיקייט פון ייִדישע פּרעסע אַרכיוון

(לעבעדיקע רעקאָרדס פון דעם ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן)

צו דער געלעגנהייט פון דער אַמעריקאַניש־ייִדישער פּרעסע־אויסשטעלונג אין 1934, אָרגאַניזירט אונטער דער אויפזיכט פון דער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט, איז אין פּלאַץ צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער עפנטלעכקייט צו די קליינע מעגלעכקייטן ביז איצט בנוגע זאַמלען ייִדישע צייטונגען אין די פאַראייניקטע שטאַטן און צו דערהאַלטן אַ זאַמלונג פון אַלע אויסגאַבעס ביז צום היינטיקן טאָג.

ווי כ'האָב שוין אָנגעוויזן ביי אַן אַנדער געלעגנהייט, אין מיין פאָרשונג־אַרבעט וועגן דער ייִדישער פּרעסע, מיט אַ יאָרצענדליק צוריק, אין „טיטשערס־קאַלעדזש", קאָלאָמביע אוניווערזיטעט, איז באַוואוסט, אַז די ייִדישע צייטונגען פאַרנעמען אַן אויסערגעוויינטלעך סטראַטעגישע פּאָזיציע אין פורעמען די ייִדישע עפנטלעכע מיינונג. די ייִדישע פּרעסע ציט די גאַנצע צייט איר ברייטע צירקולאַציע, אין דער ערשטער ריי, פון מענטשן, וועלכע זענען נישט געוואוינט געווען צו לייענען כסדר צייטונגען אין די לענדער פונוואַנען זיי זענען געקומען. און ווייל זי האָט פּאַקטיש געשאַפן דעם לייענער־עולם, האָט זי אויסגעאיבט אַזאַ שטאַרקן איינפלוס אויף די מוחות פון אירע לעזער.

אַחוץ דעם, זענען די ייִדישע צייטונגען, בכלל, אָנערקענט פאַר פּרוטכבאַרע קוואַלן פון אינפאָרמאַציע און פאַקטן וועגן דעם קעגנוואַרטיקן ייִדישן לעבן און פאַר דער געשיכטע.

זייערע נייעס־קוואַלן אַנטהאַלטן נישט בלויז אַ מאַסע מאַטעריאַל, וואָס איז שייך ציילטלעכע ייִדישע געשעענישן אין פאַרשיידענע צענטערס פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין אַמעריקע, נייערט זיי שפּיגלען אויך אָפּ, אין די עדיטאָריעלע זייטן און דורך ספּעציעלע אַרטיקלען, דעם אויסדרוק און די שטימונגען פון דער ייִדישער עפנטלעכע מיינונג. מ'קען דורך זיי לייכט נאָכפאָלגן דאָס אויפקומען פון נייע טענדענצן און שטאַנדפּונקטן בנוגע די הויפּט־פּראָגן און באַוועגונגען, וועלכע האָבן אָנגערירט דאָס אַמעריקאַנישע און וועלט־ייִדנטום.

די יערלעכע באַריכטן פון דעם קאָנגרעס־ביבליאָטעקאַר ווייזן אונז מיט וואָס פאַר אַ געוויכטיקייט ס'איז פאַרבונדן דאָס אויפזוכן פון אַן אַלטן עקזעמפּליאַר פון אַמעריקאַנישע צייט־שריפטן, און דאָס דערהאַלטן פון צייטונגען, וועלכע דערשיינען היינט צו טאָג. אויב דאָס איז וויכטיק פאַר דער פּרעסע בכלל, איז דאָס גלייך, אויב נישט נאָך מער וויכטיק, אין דעם פאַל פון דער ייִדישער פּרעסע אין אַמעריקע. דאָס ווערט נאָך מער קלאָר ווען מ'פאַרגלייכט די ייִדישע לאַגע דאָ אין לאַנד מיט דער לאַגע אין די אייראָפּייאישע לענדער. אין אייראָפּע איז, נישט געקוקט אויף די אָרימע מעגלעכקייטן פון אונזערע ברידער, פאַראַן אַ רעקאָרד פון דעם ייִדיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן, אָפּגעשפּיגלט אין די דאָקומענטן און אַרכיוון, וואָס ווערן אויפגעהאַלטן פון יעדער ייִדישער קהלה באַזונדער. אין אַמעריקע, אָבער, וואו ס'פעלט אַזאַ אָרגאַניזאַציאָנעלע סיסטעם פון פאַרצייכענען דאָס ייִדישע געזעלשאַפטלעכע לעבן, פירט אויס די ייִדישע פּרעסע אָט די לעבענס־נויטיקע פונקציע. ס'איז דערפאַר פאַרשטענדלעך, אַז דאָס נישט קענען באַקומען באַשטימטע נומערן פון ייִדישע צייטונגען פאַראורזאַכט זייער אָפט אַ באמת גרויסן פאַרלוסט פון דעם שטאַנדפּונקט אויסצופאָרשן די געשיכטע פון דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט.

אונזער דערפאַרונג מיט דער צוגרייטונג פון דער יידישער פּרעסע־אויסשטע־לונג איז ביז איצט געווען אַ צופרידנשטעלנדיקע. דער ענטפער פון דער יידישער עפנטלעכקייט, אויף דעם רוף, וואָס דער קאָמיטעט האָט אַרויסגעלאָזט צוצושיקן איינציקע עקזעמפּליאַרן אָדער קאָמפּלעטן פון אַלטע צייטשריפטן, האָט געהאַט דעם געהעריקן אָפּקלאַנג. ס׳איז דערפאַר נישטאָ קיין שום סיבה, פאַרוואָס די קאָמ־פּאַניע זאָל אויך ווייטער נישט אָנגיין אין משך פון דער פּרעסע־אויסשטעלונג און אפילו נאָכדעם. דאָס וועט זיין אַ פּאַרדינסטפולער אויפטו, אויב די קאָמפּאַניע זאָל נאָר אויפוועקן דעם אינטערעס ביי די מענטשן, וועלכע האָבן אין זייער רשות אַלטע יידישע צייטונגען, און אויך זייער פאַראַנטוואָרטלעכקייט אין דעם ענין פון העלפן לייגן דעם יסוד פאַר דער גרינדונג פון פולשטענדיקע אַרכיוון פאַר דער יידישער פּרעסע.

דער אינטערעס, וואָס איז ביז איצט אַרויסגעוויזן געוואָרן פון דעם עולם, דערמוטיקט אונז אויפדאָסניי צו אַפּעלירן צו פּריוואַטע זאַמלער, יחידים אַזוי גוט ווי אָרגאַניזאַציעס, אַוועקצושענקען זייערע פּעריאָדישע שריפטן, קאָמפּלעקטן אָדער צופעליקע, און אפילו איינציקע עקזעמפּליאַרן, פון יידישע צייטונגען און זשורנאַלן, אין וועלכער עס איז ביבליאָטעק. צום באַדויערן ווייסן מיר פון דערפאַרונג, אַז אַ צאָל פּריוואַטע קאָלעקציעס, וואָס געוויסע יחידים האָבן געזאַמלט און אָפּגעהיט מיט אַזויפיל פּאַרזיכטיקייט אין משך פון זייער גאַנצן לעבן, זענען שפּעטער, אָן קונצן, אַריינגעוואָרפן געוואָרן פון זייערע קרובים אָדער הויז־דינער אין די מיסט־קאַסטנס און אויוונס, נישט האָבנדיק קיין אַנונג פון דעם אינערלעכן ווערט זייערן. זעלטענע עקזעמפּליאַרן פון אומשאַצבאַרן ווערט זענען אויף אַזאַ אופן, פון עם־הארצות און נאַכלעסיקייט, פאַרלוירן געוואָרן.

עס וואָלט געווען פון העכסטער פאַרשטענדעניש מצד יענע, וואָס באַזיצן עק־זעמפּליאַרן אָדער גאַנצע קאָלעקציעס, אָנצוטרויען און אָפּצוגעבן דעם גאַנצן מאַ־טעריאַל, נאָך ביים לעבן, צו די אינסטיטוציעס, וועלכע זענען פּאַסיק דערצו און שעצן אָפּ אַזעלכע אוצרות לויט זייער אמת׳ן ווערט, און זענען בכוח אויף שטענדיק דעם מאַטעריאַל צו פּרעזערווירן ווי ער פאַרדינט.

אַ וויכטיקער שריט פאָרויס אין דעם פּרט איז פאָרגעשלאָגן געוואָרן וועגן דער דעצענטראַליזאַציע פון דער יידישער ביבליאָגראַפיע און דער איינפירונג פון דעם ראַיאָן־זאַמלונג סיסטעם.

דער בוירקלי אוניווערזיטעט אין לאָס אַנדזשעלעס, למשל, נעמט אַריין אין זיינע זאַמלונגען אַלע צייטונגען אויף פאַרשיידענע שפּראַכן, וואָס זענען אַרויס־געגעבן געוואָרן אין שטאַט קאַליפאָרניע. ס׳איז דערפאַר זייער באַדויערנסווערט, וואָס אונזערע גוט־סובסידירטע ביבליאָטעקן, וועלכע זענען בדרך כלל פּראָגרעסיוו אין זייערע מעטאָדן און טעכניק, האָבן גראָד געפונען פאַר נויטיק אָנצונעמען אַזאַ פּראָווינציעלע שטעלונג בנוגע אַזאַ וויכטיקער פראַגע.

דער הויפּט פון דער יידישער אָפּטיילונג פון דער קאָנגרעס־ביבליאָטעק אין וואַשינגטאָן, וואָלט ניט געדאַרפט פאַרלירן קיין סך צייט און דורכפירן דעם דער־מאָנטן קאָנסטרוקטיוון פאָרשלאַג בפועל. ער איז דער פּאַסיקער מענטש, וואָס זאָל קאָאָרדינירן אָט די וויכטיקע פאַזע פון אַרבעט, וואָס ווערט אָנגעפירט פון די יידישע און אויך אַלגעמיינע ביבליאָטעקן און איינפירן די ראַיאָנע זאַמלונגס־סיסטעם, און באַזונדערס קאָנצענטרירן זיין אויפמערקזאַמקייט אויף אַזעלכע שטעט, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר וויכטיקע צענטערס פון דער יידישער באַפעלקערונג, ווי ניו יאָרק, שיקאַגאָ, פילאַדעלפיע א. אַ. וו.

עס דאַכט מיר, אַז איצט איז די ריכטיקע צייט צו פאָדערן טאָטן, וואָס זאָלן דערמעגלעכן די אָפּשאַפונג פון דעם קלעגלעכן צושטאַנד און דאָס זאָל געטאָן ווערן ווי צום שנעלסטן.

ד ר. י ע ק ב ש א צ ק י

# די פּראָבלעמען פון דער יידישער פּרעסע פאָרשונג אין אַמעריקע

## 1

די געשיכטע פון דער פּרעסע איז ביי די אומות העולם אויסגעוואַקסן אין א זעלבשטענדיקער פאָרש־דיסציפּלין. שוין אין די אכציקער יאָרן פון 19טן יאָר־הונדערט האָט דער באַרימטער דייטשער עקאָנאָמיסט קאַרל ביכער (Karl Bücher) אליין יאָרן לאַנג מיטאַרבעטער פון דער „פראַנקפורטער צייטונג" — אָנגעהויבן צו האַלטן לעקציעס (אין באַזעל) איבער דעם צייטונגגוועזן (Zeitungskunde) ער האָט עס אויסגעקעמפט פאַר דעם זשורנאַליזם די נויטיקע אַקאַדעמישע אויטאָ־ריטעט, אָן וועלכער עס איז געווען אוממעגלעך צו דענקען אפילו, אז אין די אוני־ווערזיטעטן זאָל מען זיך אָפּגעבן מיט אזא לעבעדיקער זאַך, ווי א צייטונג.

ביכער איז געווען דער ערשטער צו גרינדן א פאָרשונג־אינסטיטוט פאַר פּרעסע־ענינים (1906 אין מינכען). שפּעטער זענען שוין געגרינדעט געוואָרן אין א רייע דייטשע אוניווערזיטעטן סעמינאַרן פאַר „צייטונגסקונדע", ווי, אין קיל (1912), לייפּציק (1916), קעלן (1920), מינסטער (1923), היידעלבערג (1926) און האַלע (1927).[1]

פון די דאָזיקע סעמינאַרן זענען אַרויס מוסטערהאַפטע פּרעסע־מאָנאָגראַפיעס, אין וועלכע עס ווערן באַלויכטן פאַרשיידענע פּראָבלעמען היסטאָרישע און אַקטועלע פון א סאָציאָלאָגישן קוקווינקל.[1א]

דער אַלטער טערמין פאַר דער פּרעסע איז געווען פּעריאָדיקאַ.

דאָס וואָרט האָט אָבער ניט דעם עקזאַקטן מיין, וואָס זאָל אויסדריקן די סאָ־ציאַלע פונקציע און די קאָנקרעטע באַדייטונג פון דער אינסטיטוציע, וואָס טראָגט דעם נאָמען : „פּרעסע".

אין דער פּרעסע־וויסנשאַפט ווערט איצט מיטן וואָרט „פּעריאָדיקאַ" באַצייכנט א וואָכנבלאַט, חודש־זשורנאַל אָדער סתם אַן אויסגאַבע, וואָס דערשיינט רעגל־מעסיק פון צייט צו צייט — צוליב ריין טעכנישע באַקוועמלעכקייטן — איז אָבער ניט פאַרבונדן דווקא מיט דער צייט, איז ניט מחויב אָפּשפּיגלען די געשעענישן אין די צייטראַמען, וואָס באַצייכענען זיין דערשיינען. צו דעם טיפּ געהערן פּעריאָדישע אַקאַדעמישע זשורנאַלן, וואָס באַדינען די וויסנשאַפט און שטרעבן ניט צו געבן נייעס אין זין פון אָקאָרשט געשעענע אַנטדעקונגען אָדער פאַרפיקסירטע פאַקטן. פאַרקערט, די דאָזיקע זשורנאַלן היטן זיך אָפּ פון זיין ניי אין זין פון אַקטועלקייט און ממילא ווערט זייער טעמאַטיק ניט באַווירקט פון דער צייט.[2]

---

1) זע :

*E. Dovifat.* Zeitungswissenschaftliche Forschungsinstitute (Forschungs-institute, ihre Geschichte, organisation und Ziele, 1930, Band I, 417-424).

אין בערלין איז דאָ א באַזונדער אינסטיטוט פאַר „צייטונגס קונדע", וועלכער איז ניט אָפּהענגיק פון אוניווערזיטעט.

1א) אין משך פון די לעצטע 30 יאָר זענען דערשינען 5000 אַרבעטן איבער דער געשיכטע פון דער פּרעסע. זע : *Boehmer, K.* Bibliografisches Handbuch der Zeitungswissenschaft, 1929

*Grott Otto.* Die Zeitung, ein System der Zeitungskunde. 1928-1930. 4 Vol.
*M. Mohr.* Zeitungskunde und Zeitungswissenschaft. 1927.

2) דער אַלטער *Prutz* האָט אין זיין : Geschichte des Deutschen Journalismus, Hannover, 1845.

בכלל פאַרלייקנט די פּעריאָדישקייט ווי א באַדינגונגס־עלעמענט פאַר דער פּרעסע. ער האָט געשריבן, אַז "Die periodische Wiederkehr nur ein beilaeufiges Moment ist, das mit dem urspruenglichen Wesen der Zeitung nichts zu tun hat."

היינט איז דאָס שוין א פאַרעלטערטער שטאַנדפּונקט.

אונטערן ווארט „פרעסע (צייטונג, newspaper ) ווערט פארשטאנען א טאגבלאט אדער א וואכנבלאט, וואס גיט זיך אפ הויפטזעכלעך מיט „פארפיקסירן, אילוסטרירן און קאמענטירן די לויפנדיקע געשעענישן".3)

דער רויער מאטעריאל פון דער פרעסע ווערט שפעטער סיסטעמאטיש סומירט און באלויכטן אין פעריאדישע צייטשריפטן. אפילו ריין וויסנשאפטלעכע פעריאדישע אויסגאבן געבן זיך אפט אפ מיט אלגעמיינע איבערזיכטן פון אקטועלע דערפארונגען און דערגרייכונגען אין דער וויסנשאפט (וויסנשאפטלעכע כראניק). זייער רעכט אויף עקזיסטענץ איז אבער בשום אופן ניט אפהענגיק פון דעם צי זיי האבן א קאנטאקט מיט דער לויפנדיקערווירקלעכקייט, ווי דאס איז דער פאל מיט דער פרעסע.

שוין דער נאמען זשורנאל, וואס נעמט זיך פון לאטיינישן נאמען diurnalis ד. ה., טעגלעך (אזוי, למשל, הייסט א טאג־בוך אין לאטיין (liber diurnalis באטייט, אז די געשעענישן פון טאג זענען די הויפט־מאטעריאלן פאר אזא מין פובליקאציע.

דערפאר הייסן טאקע די עלטסטע צייטונגען אויף דעם אייראפייאישן קאנטינענט, די רוימישע בלעטער: Acta diurna (טעגלעכע געשעענישן).

די עלטסטע צייטונגען פון דעם מין זענען געווען אין דייטשלאנד אין 1609, אין בעלגיע אין 1616 און אין ענגלאנד אין 1622.4)

די עלטסטע צייטונג אויף יידיש איז ארויס אין אמסטערדאם אין די יארן 1686—87. צוויי מאל א וואך אונטערן נאמען פרייטיקשע און מיטוואכשע קוראנטן. (גאנצע הונדערט נומערן זענען אפגעהיט געווארן)5.)

ספאראדישע צייטונגען אין דער פארמע פון פלוגבלעטער, כרוזים, נעגראמען באריכטן פון אומגליקן (היסטארישע לידער) און בריוו, וואס פלעגן ווערן קאפירט אין א פאר עקזעמפלארן — געהערן צו דער פארהיסטארישער תקופה פון זשורנאליזם. זייער הויפט־שטריך איז צופעליקייט; זיי זענען ניט געבונדן מיט קיין פעריאדיציטעט און זיי שפיגלען אפ די איינצלנע געשעענישן, ריין רעפארטעריש, אפטמאל שטארק איבערגעטריבן.6) זיי זענען אבער, אן ספק, א וויכטיק קאפיטל אין דער געשיכטע פון דער פרעסע בכלל.

קארל ביכער דעפינירט די מאדערנע צייטונג אזוי: „אונטער דעם ווארט צייטונג פארשטייען מיר א צוזאמענשטעל פון א רייע, אין זיך אפגעשלאסענע ידיעות, וואס ווערן אויף א וועג פון א מעכאנישער פארפילפאכונג, פארשפרייט אין פעריאדישע אינטערוואלן פון צייט".7)

די ערשטע צייטונגען פון דעם מין זענען געווען מלוכה'שע, ווייל דער שטאט איז געווען פארינטערעסירט אין פארשפרייטן אזעלכע ידיעות, וואס זענען נוצלעך פאר אים.

דאן איז די צייטונג אויסגעוואקסן ווי א געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציע, וואס האט געוואלט פארשנעלערן דעם קאנטאקט צווישן דעם לייענער און דעם פובלי־

---

3) *K. Bücher.* Die Anfaenge des Zeitungswesens. 1893.
*Schottenloher, K.* Flugblatt und Zeitung. 1922.

4) *A. Dresler.* Ueber die Anfaenge der gedruckten Zeitung. 1929.

5) נ. ס א ק א ל א ו ו די עלטסטע צייטונג אין יידיש־דייטש. דער טעלעגראף, ווארשע, 1906, נומערן 43 און 47.

ד ר. מ. ו ו י י נ ר י י ך די באבע פון דער יידישער פרעסע. צוקונפט, 1928, נאוועמבער, 683—679.

6) וועגן דער עלטסטער יידישער „זשורנאליסטיק" פון דעם טיפ זע: מיין ארטיקל אין „טאג", פון 23טן נאוועמבער, 1927. אויספירלעכער אין מיין ניט געדרוקטן רעפעראט, געהאלטן אויף דעם צוזאמענפאר פון אמאפטייל פון ייווא אין יאנואר, 1934.

בא די אומות העולם זע: חוץ די פריער דערמאנטע קוועלן, אויך:
*G. Steinhausen.* Die Enstehung der Zeitung aus dem brieflichen Verkehr. 1928 and *W. Storz,* Die Anfaenge der Zeitungskunde, 1931.

7) Das Zeitungswesen (Kultur der Gegenwart, 481-517).

ציסט, דעם פּראַקטיפ פון דעם זשורנאַליסט, וואָס רעאַגירט אויף די פּאָליטישע און סאָציאַלע געשעענישן פון דער צייט מיט בראָשורן, וועלכע ער פלעגט אַרויסגעבן פון צייט צו צייט.

אַזוי אַרום איז פּובליציסטיק עלטער פון זשורנאַליזם און מיר זעען, למשל, אַז ערב דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע וואַקסט אויס אין פראַנקרייך אַ רייכע פּובליציסטישע ליטעראַטור, וואָס האָט גורם געווען, אַז עס זאָל אַנטשטיין אַ גרויסע פּרעסע. (אַזוי איז געווען אין עסטרייך, ערב דער רעוואָלוציע פון 1848).(8

די זעלבע פּראָצעסן לאָזן זיך אָנווייזן אין דער געשיכטע פון דער מאָדערנער יידישער פּרעסע (די פּובליציסטיק אין ייִדיש און דייטש אין גאַליציע איידער מאָהרס „ציַיטונג" איז אַרויס, אין רוסלאַנד — איידער דער „קול מבשר" איז דערשינען א. א. וו.)(9

2

אין די פאַרייניקטע שטאַטן איז די אַרבעט איבער דער געשיכטע פון דער פּרעסע באַלד אין אָנפאַנג געשטעלט געוואָרן אויף די ריכטיקע וועגן. זי איז ניט דורכגעגאַנגען די מאָזלען־יאָרן, ווי אין אייראָפּע, וואו אין אָנפאַנג איז די געשיכטע פון פּרעסע געווען אַ ריין אַנעקדאָטישע, דרויסנדיקע סיסטעמאַטיזאַציע פון ביבליאָגראַפיש־כראָנאָלאָגישע פאַקטן.

אין אַמעריקע איז די וויכטיקייט פון דער פּרעסע קודם כל אָפּגעשאַצט געוואָרן אין שייכות מיט די גייסטיקע און פּאָליטישע שטרעמונגען פון לאַנד.

דאָס אַרכיוו־וועזן איז אין אַמעריקע אַסך אַ שפּעטערע דערשיינונג, ווי אין אייראָפּע. ממילא, האָט מען דאָ זיך זייער שנעל אומגעקוקט, אַז די צייטונגען האָבן אַ קאָלאָסאַלן ווערט, ווי היסטאָרישע מקורים.

קיין לאַנד אין דער וועלט האָט ניט אַזעלכע גלענצנדע רעגיאָנאַלע ביבליאָגראַפיעס און געשיכטעס פון דער פּרעסע, ווי אַמעריקע.(10 פון די דאָזיקע פאַראַרבעטן זעען מיט דער צייט אויסגעוואַקסן די פאַרטיפטע סאָציאָלאָגישע מאָנאָגראַפיעס פון דער פּרעסע, ווי אַ געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע און ווי אַ ריין טעכנישער אַפּאַראַט.

אַזוי, למשל, פאַרמאָגן מיר אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור זייער קאָנסטרוקטיווע אַרבעטן איבער זשורנאַליזם, געשיכטע פון עדיטאָריעלס, די אַנטוויקלונג פון „פּראַנט־פּיידזש", איבער דער „געלער פּרעסע", איבער דער פּאָליטישער פּלוקטואַציע פון דער פּרעסע א. א. וו.

די שולן פאַר זשורנאַליזם אין איינקע אַמעריקאַנער אוניווערזיטעטן האָבן אַוועקגעשטעלט זייער הויך דעם לימוד פון דער פּרעסע־געשיכטע און דערוואָרבן פאַר איר די רעכט פון אַן אויטאָנאָמער דיסציפּלין, וואָס האָט אירע אייגענע מעטאָדן פון פאָרשן און דאַרף דעריבער געשאַצט ווערן אַנדערש, ווי די געשיכטע פון פעריאָדישע זשורנאַלן אָדער פון דער פּובליציסטיק.

אַפילו די פרעמדשפּראַכיקע פּרעסע אין אַמעריקע איז אין די לעצטע פאַר יאָרן געוואָרן אַן אָביעקט פון וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג: מיר פאַרמאָגן סאָלידע אַרבעטן איבער דער פראַנצויזישער פּרעסע אין לואיזיאַנאַ, איבער דענישער

---

8) *Cunow, H.* Die Parteien der grossen franzoesischen Revolution und ihre Presse. 1912.

זע אויך „יוואָ־בלעטער", באַנד 3, 71—49.

9) אויספירלעך אין מיין נאָך ניט פאַרעפנטלעכער „געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע ביזן „קול מבשר".

10) איך וויל אָנווייזן נאָר אויף אַ פּאָר מוסטערן:

1) *Nelson, W.* American newspapers of the Eighteenth Century. 1894-1897.

2) *Fox, L. H.* N. Y. City newspapers (1820-1850). 1928.

3) *Ayer Mary Farwell.* Check-list of Boston newspapers (1704-1780). 1907.

4) *Brigham, C. S.* Bibliography of American newspapers (1690-1820). 18 vol. 1913-1927.

פּרעסע,(11 איבער די דייטשע צייטונגען און אפילו איבער די טשעכישע און אוקראַינישע.

די דאָזיקע מוסטערהאַפטע אַרבעטן זענען פאַר אונז, וואָס ווילן צוטרעטן צו אַ וויסנשאַפטלעכער אויספאָרשונג פון דער געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע אין שייכות מיט די גרונטלעכע שטרעמונגען אין דעם אַמע־ריקאַנער־יידישן לעבן — אַ גוטער וועגווייזער, אַ זיכערער קאָמפּאַס, וואָס וועט אונז אָפּהיטן פון דעם היסטאָרישן אַנעקטדאָטיזם און סוביעקטיווע צוגאַנגען — ווי מיר זעען דאָס אין דער אָרימלעכער ליטעראַטור, וואָס איז פאַראַן ביז איצט וועגן דער געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע.

3

אידיש־אַמעריקע האָט אַ פּרעסע, וואָס איז אַלט 65 יאָר, עס איז ניט קיין אַלטע געשיכטע ווען מען מעסט זי מיט יאָרן — עס איז אָבער זייער אַן אַלטע געשיכטע — ווען מען מעסט זי פון שטאַנדפּונקט פון דער טעכנישער אַנטוויקלונג, פון איר גרונטלעכער ראָלע און וואוקס פון איר נאַציאָנאַלן חשיבות. דעריבער קענען די מעטאָדן, וואָס ווערן אָנגעווענדט ביי דער פאָרשונג פון דער פּרעסע בכלל, אויך אָנגעווענדט ווערן ביי דער פאָרשונג פון דער יידישער פּרעסע. די כראָנאָלאָגישע צוריקגעשטאַנענקייט וועט זיך אויסגלייכן אין די לעצטע רעזולטאַטן אַ דאַנק דער איבעראַשנדער שנעלקייט מיט וועלכער די יידישע פּרעסע אין אַמע־ריקע האָט אַנגעיאָגט די ניט־יידישע.

„די יידישע טעגלעכע פּרעסע איז איצט אַ ריזן־קראַפט אין דעם יידישן לעבן פון אַמעריקע" — האָט דער פּובליציסט פּפעפּפער געשריבן אין 1902.

ער האָט אָנגעוויזן, אַז דער קאַרדינאַלער אונטערשייד צווישן דער ניט־יידישער און דער יידישער פּרעסע באַשטייט אין דעם, וואָס די ערשטע האָט קיין שום שייכות ניט צו און מיט ליטעראַטור, בעת די יידישע פּרעסע האָט אַרויסגערופן די נויט־ווענדיקייט צו בויען אַ „העכערן שטאָק" ד. ה. — אַ ליטעראַטור. (12

„עס זענען דאָ עטלעכע טויזנט יידן אין אַמעריקע — שרייבט דער זעלבער פּעפּער — וועלכע שלינגען אַלץ, וואָס ווערט געדרוקט אין יידיש. אָבער דער טיש איז דאָ אָרים געדעקט און זיי קענען זיך קיינמאָל ניט אָנזעטן".

אָט די „אָרימקייט פון טיש" איז אַ טענה, וואָס איז ניט בנמצא ביי דער־ניט־יידישער פּרעסע אין אַמעריקע — אפילו ניט ביי דער פּרעמדשפּראַכיקער.

בעת אַ פּרעסע בכלל ווערט געלויבט פאַר געבן נייעס, מערקט זיך ביי די, וואָס האָבן געשריבן וועגן דער יידישער פּרעסע, אַז די הויפּט־זאַך פאַרוואָס זיי לויבן אָדער טאַדלען די פּרעסע איז די פראַגע פון ליטעראַטור.

אַזוי שרייבט אויך דער זשורנאַליסט ה. אַלעקסאַנדראָוו אין זיין סעריע אַר־טיקלען איבער דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע·(13 און דעריבער קומען צו

---

11) וועגן דער דענישער פּרעסע אין אַמעריקע איז אפילו פאַראַן אַזאַ אינטערעסאַנטע אַרבעט, ווי: Danish Assimilation in the U. S. as manifested by the change in content of Danish Foreign Language Newspapers (1913-1929) by *C. A. Stub.* Minnesota, 1934.

עטלעכע אַרבעטן קען איך וועגן דער טשעכישער און דייטשער פּרעסע אין אַמעריקע.

12) י. פּ פ ע פ פ ע ר. יידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע (אין מיניקעס מאָ־נאַט־בלאַט, פעברואַר, 1902).

אגב האָט די פּרעמדשפּראַכיקע פּרעסע אין אַמעריקע ניט געשאַפן קיין ליטעראַטור. זי האָט זיך באַפרידיקט מיט איבערדרוקן פון ראָמאַנען פון דער אַלטער היים (דאָס ווערט געטאָן עד היום). דאָס האָט אויך געטאָן די יידישע פּרעסע אין אַמעריקע אין די ערשטע יאָרן פון איר עקזיסטענץ.

13) „די יידישע פּרעסע אין ניו יאָרק". געדרוקט אין די ביילאַגעס צום „פריינד", 1904, נומערן 81, 87, 92 און 113.

זע אויך זיין אינטערעסאַנטע סעריע אַרטיקלען איבער דער „געלער פּרעסע אין אַמעריקע" בכלל. דאָרטן. נומערן 47, 48 און 75.

אין אונזער פּאַרש־געביט אייניקע מאָמענטן, וואָס געבן אונזער פּרעסע אַ געוויסע אָריגינאַליטעט. דאָס איז, אַז חוץ די אַלגעמיינע פראַגן אין שייכות מיט דער געשיכטע פון דער פּרעסע קומען צו אַזעלכע פראַגן, ווי: די ראָלע פון די יידישע צייטונגען אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור, קריטיק און אין אַרויסברענגען נייע, שעפערישע טאַלאַנטן.

וואָס זענען די נאָנטסטע אויפגאַבן פון דער יידישער פּרעסע־אָרפשונג אין אַמעריקע?

1. אַרויסגעבן אַ פולע ביבליאָגראַפישע רשימה פון אַלע צייטונגען און פּע־ריאָדישע שריפטן, וואָס זענען דערשינען אין אַמעריקע אויף יידיש פון 1870 ביזן היינטיקן טאָג.(14

2. אַרויסגעבן מאָנאָגראַפיעס פון איינצלנע צייטונגען. אויף דעם ערשטן פּלאַן דאַרפן גיין אַזעלכע צייטונגען, וואָס עקזיסטירן שוין ניט מער, אָבער וואָס האָבן באַצייכנט מיט זיך אַ געוויסן עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער פּרעסע.(15

3. אַרויסגעבן אַ זאַמלונג פון זכרונות פון געוועזענע רעדאַקטאָרן, אַרויס־געבער און פון עלטערע זשורנאַליסטן. אין דער זאַמלונג דאַרפן אויך אַריינגיין די זכרונות, וואָס זענען שוין געדרוקט, אָבער זיי זענען צעוואָרפן אין פאַרשיידענע צייטונגען און זשורנאַלן, ווי שרהזאָן, מאַרקוס, אלכסנדר האַרקאַווי און אַנדערע.(16

4. באַאַרבעטן די קאָרעספּאָנדענצן, וואָס זענען געשיקט געוואָרן פון אַמע־ריקע צו די אייראָפּייאישע צייטונגען, אין וועלכע עס ווערן כאַראַקטעריזירט און אָפּטמאָל געבראַכט מוסטערן פון אַמעריקאַנער־יידישע צייטונגען, וואָס פון אייניקע פון זיי איז אפילו קיין שפור ניט געבליבן. אַזעלכע קאָרעספּאָנדענצן האָבן געדרוקט: פּעטריקאָווסקי, זייפערט, ראָמבראָ (קראַניץ), באָריס באָגען א. א.(17

5. אַרויסגעבן קלענערע מאָנאָגראַפיעס איבער דער טעכנישער אַנטוויקלונג פון דער יידישער פּרעסע: ווי דרוק, פאָרמאַט, אַנאָנסן, טיראַזש. (18

6. באַאַרבעטן די געשיכטע פון „פּיטשורס" אין דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע: ווי עדיטאָריאַל, ראָמאַן, ערשטע זייט, לעצטע זייט, דעם אינטערוויו, אילוסטראַציעס א. א. וו.(18a

7. אויספאָרשן די געשיכטע פון דער געזעלשאַפטלעכער און פּאָליטישער אַנטוויקלונג פון דער יידישער פּרעסע אין שייכות מיטן אויפקום פון פּאַרטיי־לעבן ביי יידן אין אַמעריקע (סאָציאַליזם, ציוניזם, קאָמוניזם).

8. יידיש־אַמעריקע האָט געשאַפן און אַנטוויקלט אַ חשוב'ע ריין פאַך (יוניע) פּרעסע. זי דאַרף באַזונדער אויסגעפאָרשט ווערן.(19

9. אַמעריקע האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע צאָל הומאָריסטישע זשורנאַלן, וועלכע זענען, אגב, דער קרומער שפּיגל פון די ליטעראַרישע מנהגים אין אונזער לעבן.

---

14) אַ גוטע התחלה אין דער ביבליאָגראַפיע פון קוועלן צו דער געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע אין די יאָרן 1900—1870 שטעלט פאָר מיט זיך די אַר־בעט פון מ. ש ט אַ ר ק מ אַ ן אין „פּנקס" באַנד 1, 320—312.

15) אייניקע אַזעלכע אַרבעטן האָט פאַרעפנטלעכט מ ל א כ י. זע: שטאַרקמאַנס ביבליאָגראַפיע (הערה 14).

16) אַזאַ מאָנאָגראַפיע ווערט שוין צוגעגרייט.

17) געדרוקט אין „כראָניקאַ וואָסכאָדאַ", המליץ, המגיד, הצפירה, „דיען", „אַלגע־מיינע צייטונג דעס יודענטומס", ווי אויך אין אַסך אַנדערע צייטשריפטן. אַ רשימה פון די קוועלן איז פון ערשט־קלאַסיקער וויכטיקייט פאַר אונזער פאָרשונגס־אַרבעט.

18) דער טיראַזש קען טיילווייז פעסטגעשטעלט ווערן לויט:
*Ayer & Sons.* American Newspaper Annual and Directory. 1880 up to date.

18a) זע: *M. Soltes.* The Yiddish Press, An Americanizing Agency, 1925.
*B. Vladeck.* Yiddish newspapers. American Mercury 1933, 501-502.

19) די טרייד־יוניאָניסטישע זשורנאַלן אין אַמעריקע פאַרמאָגן אַ גוטע ביבליאָגראַפיע.
A trial bibliography of American trade-union publications by *G. E. Barnett.* 1904.

א מאָנאָגראַפֿיע וועגן די דאָזיקע צייטשריפֿטן וואָלט אַרויסגעבראַכט וויכטיקע מאָ־מענטן פֿון דער געשיכטע פֿון אונזער געזעלשאַפֿטלעכקייט.

10. די געשיכטע פֿון ליטעראַרישע זשורנאַלן אין אַמעריקע איז אַ וויכטיק קאַפּיטל אין דער געשיכטע פֿון דער יידישער ליטעראַטור. זי דאַרף אויסגעפֿאָרשט ווערן.

11. די ווירקונג פֿון דער אַמעריקאַנער צייטונגס־טעכניק אויף דער אַנטוויק־לונג פֿון דער יידישער פּרעסע איז אַן אַרבעט, וואָס וועט זייער פֿאַרינטערעסירן דעם סאָציאָלאָג פֿון אונזער לעבן.

12. צום סוף וויל איך נאָך אָנווייזן אויף דער זייער אייגנאַרטיקער און אינ־טערעסאַנטער געשיכטע פֿון יידישע ביילאַגעס אָדער זייטלעך אין די ענגלישע צייטונגען (מערסטנטיילס פֿאַר די וואַלן), די דאָזיקע יידישע זייטלעך אין די ענגלישע צייטונגען פֿאַרדינען באַשריבן צו ווערן.(20

מיט די דאָזיקע פּונקטן שעפּן זיך ניט אויס די טעמעס, וואָס די יידישע פּרעסע אין אַמעריקע קען צושטעלן דעם פֿאָרשער (למשל, די צייטונג ווי אַן אינ־דוסטריע א. א. וו.)

מיר האָבן נאָר געוואָלט אָנוואַרפֿן די סאַמע וויכטיקסטע, און וועלכע עס וועט זיין אוממעגלעך צו שרייבן אַן אַלזייטיקע געשיכטע פֿון דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע, וואָס דאָס מיינט אייגנטלעך צו שרייבן די געשיכטע פֿון דער יידישער געזעלשאַפֿטלעכקייט דאָ אין לאַנד.

מיר פֿאַרמאָגן שוין אייניקע פֿאָראַרבעטן — אָבער דאָס איז נאָך ווייט פֿון אַ באַשיידענער התחלה אפֿילו.

אונזער דירעקטע אויפֿגאַבע דאַרף זיין קודם כל אָנהייבן פֿון דעם ערשטן פּונקט: צוזאַמענשטעלן אַ ביבליאָגראַפֿיע פֿון די יידישע פּעריאָדישע אויסגאַבן אין אַמעריקע, מיט די נויטיקע אינפֿאָרמאַציעס וועגן דער ריכטונג, פֿאָרמאַט, טי־ראַזש, צייט פֿון עקזיסטירן און, אויב מעגלעך, אויך אָנווייזן (ביי די עלטסטע צייטונגען) וואו איז אָפּגעהיט געוואָרן אַ נומער אָדער אַ קאָמפּלעט.(21

מיט דער הילף פֿון די פּרעסע־זאַמלונגען אין אַמעריקע, וואָס געפֿינען זיך אין די עפֿנטלעכע און פּריוואַטע ביבליאָטעקן, ווי אויך די זאַמלונגען פֿון דעם יידישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע, וואָס פֿאַרמאָגט אפֿשר די גרעסטע קאָלעקציע פֿון אַמעריקאַנער יידישער פּעריאָדיקאַ — וועט זיך זיכער איינגעבן צוזאַמענשטעלן אַזאַ ביבליאָגראַפֿיע.

דאַן וועט שוין גרינגער זיין צוצוטרעטן צו אַנדערע, דעטאַלע פֿאָרשטודיען, פֿון וועלכע וועט מיט דער צייט קענען אַרויסוואַקסן אַ סאָליד ווערק, וואָס וועט זיין ווערט צו טראָגן דעם נאָמען: געשיכטע פֿון דער יידישער פּרעסע און זשור־נאַליזם אין אַמעריקע.(22

---

20) וועגן דעם דאָזיקן טיפּ פֿון זשורנאַליזם אין פֿילאַדעלפֿיע ווערט דערציילט פֿון ד. ט י ר ק ע ל אין דעם זאַמלבוך.

21) אַזאַ ביבליאָגראַפֿיע פֿאַר אַמאָליקן רוסלאַנד האָט צוזאַמענגעשטעלט א. ק י ר־ז ש נ י ץ, מאָסקווע 1930. און פֿאַר ל ע ט ל אַ נ ד מ. ג ע ר ץ א. נ. 25 יאָר יידישע פּרעסע, ריגע, 1933, 66 זייטן. פֿאַר גאַליציע איז פֿאַראַן אַ זייער שלעכטע ביב־ליאָגראַפֿיע (געדרוקט אין „יוגענט קלאַנגען“, ניו יאָרק, 1909).

וועגן אַלע איבעריקע רשימות קען מען לייענען אין ז. ר י י ז ע נ ס אַרטיקל אין „ייוואָ־בלעטער“, באַנד 2, זז. 120 און ווייטער.

22) צו אַזעלכע סאָלידע ווערק ביי פֿרעמדע געהערן:
*S. E. Hatin.* Historie de la Presse en France, 1859-1861, 7 volumes.
*L. Salomon.* Geschichte des deutschen Zeitungswesens. 1900-1906. 3 vol.
*Williams, J. B. W.* History of British Journalism. 1908.

מ ש ה   ש ט אַ ר ק מ אַ ן

# די אַנטשטייאונג פון דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע

די פאָרליגנדיקע אַרבעט איז אַ פּרואוו צונויפצושטעלן אַ דעסקריפּטיווע ביבליאָגראַפיע פון דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע. דער אָנהייב ווערט געמאַכט מיט די יאָרן 1870—1875, וועלכע קענען באַטראַכט ווערן ווי די אַנטשטייאונגס־עפּאָכע פון דער אַמעריקאַנער יידישער פּרעסע און פון אַמעריקאַנער יידישן זשורנאַליזם בכלל.

צונויפצושטעלן אַזאַ ביבליאָגראַפיע דאַרף זיין דער הויפּט־ציל פון אונזער פּרעסע־פאָרשונג. אָן דעם וועט בשום אופן ניט זיין מעגלעך צו שרייבן די סינטעטישע געשיכטע פון אונזערע דערגרייכונגען אויפן געביט פון פּרעסע און זשורנאַליזם אין די פאַרייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, פון 1870 ביז היינט. די דאָזיקע ביבליאָגראַפיע קען אָבער ניט זיין די אַרבעט פון אַ יחיד. אין איצטיקן מאָמענט זענען באַקאַנט בערך 150 מקורים אויף דעם געביט. עס זענען אָבער פאַראַן אַסך מער, אפשר פּונקט אַזויפיל ווי די באַוואוסטע קוועלן. זיי דאַרפן קודם כל אויפגעזוכט ווערן און דורכגיין אַ פאָרשערישע עקזאַמענירונג.

איינע פון די הויפּט־שוועריקייטן, אויב ניט די סאַמע שווערסטע, ביים צונויפשטעלן די דעסקריפּטיווע ביבליאָגראַפיע איז דאָס, וואָס עס זענען כמעט נישטאָ קיין מוסטערן — קאָמפּלעטן אָדער אפילו איינציקע נומערן — פון דער אַמעריקאַנער יידישער פּרעסע אין די זיבעציקער יאָרן. פאַראַן אַ צאָל רעפּראָדוקציעס פון די ערשטע זייטן פון אַ קליינער צאָל פּעריאָדישע אויסגאַבעס אין יענער צייט. פאַרן פאָרשער זענען זיי אָבער ניט קיין הילף און, אין בעסטן פאַל, בלויז אַ טרייסט.

אָבער די אַמעריקאַנער יידישע פּרעסע איז נאָך ניט אַלט קיין 65 יאָר — אַ גאַנץ קליינע צייט ווען מען רעדט אין טערמינען פון געשיכטע — און מען דאַרף דעריבער ניט אויפגעבן די האָפענונג צו געפינען די צייטונגען און זשורנאַלן פון דער אַנטשטייאונגס־עפּאָכע.

אונזער ביבליאָגראַפישער פּרואוו אין דעם זאַמלבוך וואָלט געדאַרפט אַרויסבאַגלייט ווערן פון אַן אַריינפיר וועגן דעם יידישן פּאָליטישן, געזעלשאַפטלעכן און עקאָנאָמישן לעבן אין אַמעריקע, באַזונדערס אין ניו יאָרק, בעת׳ן אָנפאַנג פון די 70קער יאָרן. אָבער אויך אויף דעם געביט פון געשיכטע איז ביי אונז נאָך ווינציקער וואָס געטאָן געוואָרן. אין טעקסט פון דער אַרבעט האָבן מיר זיך אָבער באַמיט, אין קורצע און אייליקע שטריכן, דעם דאָזיקן בלויז אויף וויפיל ניט איז אויסצופילן.

זאָלן די ווערטער דינען ווי אַן אָנרעגונג פאַר די, וועלכע פילן זיך בכוח עפּעס בייצוטראָגן צו דער פאָרשונג פון דער געשיכטע פון די יידן אין אַמעריקע.

---

דיא ידישע צייטונג ערשיינט פרייטאָג מאָרגען. פּרייז זעכס צענט דיא נוממער.

THE NEW YORK HEBREW TIMES

A Weekly Paper of Politic, Religion, History, Science and Art.

אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט פון

י. ק. בוכנער. ערשטער נומער דאַטירט מערץ 1, 1870 — כ״ח אדר, תר״ל, 4 זייטן, פאָליאַ פאָרמאַט, ליטאָגראַפירט.

די פאָרשונג פון דער יידישער פּרעסע, ספּעציעל פון דער אַמעריקאַנישער, מאַכט איצט אירע ערשטע טריט; דערפון נעמען זיך די פאַרשיידענע טעות׳ן

און ווידערשפּרוכן אין דער קליינער צאָל ארבעטן אויף דעם געביט, וואָס זענען ביז איצט דערשינען. צווישן די פּרעסע-פאָרשער זענען פאַראַן חלוקי־דעות בנוגע דער ערשטער צייטונג אויף יידיש אין דער נייער וועלט. טייל האַלטן „די פּאָסט", א וואָכנשריפט, וואָס האָט אָנגעפאַנגן צו דערשיינען אין אויגוסט 1870, פאַר דער ערשטער יידישער צייטונג אין אַמעריקע; אַנדערע, ווידער, טיילן צו דעם כבוד צום פּאָליגלאָטישן וואָכנבלאַט „היברו ניוס" (וועגן זיי — ווייטער), אָבער ביידע השערות זענען פאַלשע, מחמת די פאָרשער האָבן פאַרזען דעם וויכטיקסטן מקור בנוגע דעם ענין.

אין זיין ווערק „די יידיש־דויטשע ליטעראַטור" דערציילט מ. גרינבוים*) אז בעת ער האָט געשריבן דאָס קאַפּיטל וועגן אַמעריקע, איז פאַר אים געלעגן דער ערשטער נומער פון א ליטאָגראַפירטער וואָכנשריפט מיטן נאָמען „דיא ידישע צייטונג", דערשינען דעם 1טן מערץ, 1870. דאָס איז די עלטסטע דאַטע וועגן אַן אַמעריקאַנער יידישער צייטשריפט. מען קען דעריבער זאָגן מיט דער גרעסטער זיכערקייט, אז „דיא ידישע צייטונג" איז בפירוש די ערשטע יידישע צייטונג אין אַמעריקע.

דער נומער, וואָס גרינבוים האָט געהאַט פאַר זיך, געפינט זיך מסתמא אין דער מינכענער ביבליאָטעק. עס זענען באַקאַנט נאָך צוויי נומערן פון שפּעטערדיקע דאַטעס. דער נומער 10, וואָס איז אַרויס דעם 14טן פעברואַר, 1873, געפינט זיך אין דער ביבליאָטעק פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט,**) אין ווילנע; דער נומער 12, דאַטירט אָקטאָבער 31, ד. י., איז אין באַזיץ פון דעם יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין ניו יאָרק.***)

אָפיציעל איז „דיא ידישע צייטונג" געווען א וואָכנשריפט. פאַקטיש, אָבער, איז זי דערשינען פון צייט צו צייט, א דריי־פיר מאָל אין יאָר, ווען מען קען זיך משער זיין ווען מען זעט דעם צייט־פאַרלויף צווישן דעם 10טן און 12טן נומער.

בוכנער, דער רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער פון דער צייטונג און איר איינציקער מיטאַרבעטער, איז מסתמא געווען איינער פון די „קאַלוואַריער דייטשן" — ווי מען האָט דעמאָלט גערופן אין אַמעריקע די רוסיש־פּוילישע יידן, וועלכע האָבן איינגעוואַנדערט אַהער פון פּרייסישן גרענעץ־געביט. ער האָט געהאַט גרויס חשק צו פאַרפּלאַנצען די השכלה־אידעאַלן צווישן די יידן אין ניו יאָרק און צו דערזעלבער צייט איז ער אויך געוואָרן א שטיקל שמעלקע מיט די דעמאָקראַטישע „פּאָליטישנס" פון שטאָט. זיין צייטונג איז, אין די מערסטע פאַלן, דערשינען ערב די וואַלן און אייפעריק אַגיטירט פאַר די „טעמעני האָל"־קאַנדידאַטן, וועלכע האָבן דערפאַר באַצאָלט כדי צו געווינען די שטימעס פון די יידישע וויילער.

דאָסמאָל ווילן מיר בלויז באַשרייבן די ערשטע זייט פון דעם נומער 10. פון אָט דער „פּיידזש" זענען פאַראַנען עטלעכע רעפּראָדוקציעס.

ווי געזאָגט, איז „דיא ידישע צייטונג" ניט געווען געדרוקט, נאָר ליטעגראַפירט, ווייל קיין יידישע דרוקעריי איז נאָך דעמאָלט ניט געווען אין ניו יאָרק. דער טיטול איז אַרומגערינגלט פון א קלישע, מיט א פרויען־פיגור פון ביידע זייטן. די פיגורן סימבאָליזירן — אויף דער רעכטער זייט — „צדק" (גערעכטיקייט) און — אויף דער לינקער זייט — „אמונה" (גלויבן); ווי א מאָטאָ איז דער פסוק „והיה צדק אזור מתניו והאמונה אזור חלציו" (ישעיה יה, ה). די נעמען פון די צוויי סימבאָלן און דער טיטול זענען אויך איבערגעזעצט אין ענגליש.

די ערשטע זייט פון דעם רעפּראָדוצירטן נומער, באַשטייט פון צוויי שפּאַלטן.

---

* M. Grünbaum — *Die Jüdish-Deutsche Literatur in Deutschland, Palen und America* אין ווינטער און ווינשעס. Die Jüdische Literatur Seit Abschluss Des Kanons, 1896, III, 622.

**) אַ מתנה פון אלכסנדר האַרקאַווי.

***) דער נומער פון סעמינאַר־ביבליאָטעק איז באַשריבן אין א. ר. מלאכי'ס אַרטיקל אין ד ע ם זאַמלבוך.

איין „קאָלום" איז פאַרנומען מיט אַן אויפרוף פון דער ניו יאָרקער חברה „חנוך נערים ותלמוד תורה", וואָס בעט הילף פאַר דער תלמוד־תורה, וועלכע זי האָט געגרינדעט מיט צוויי יאָר פריער. דער צווייטער קאָלום דערציילט פּאָליטישע נייעס, וועלכע מיר גיבן דאָ איבער ווערטערלעך, ווי אַ מוסטער פון יידישן זשורנאַליזם אין דער אַנטשטייאונגס־פּילאָזאָפיע פון דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע. די פּאָליטישע איבערזיכט לייענט זיך ווי פאָלגט:

„קוה לשלום ואין טוב לצדקה והנה צעקה.

„וויר האָבען דיא הערוסגאַבע אונזערע צייטונג פיר איינינגע צייט דאָס האַלב ווייל מיר ווינטשען אונזערע לעזער מיט גוטע נאַכריכטען צוא ערפרייען אָבער לײדער וואלען אונז אונזערע ווינשע ניכט געלינגען אין דער אַלטען און נייען וועלט איזט נור שטאַרבען אונד פערדאַרבען פרעברענען אונד איבערשוועמען, ערקראַקונגען, ערמאָרדונגען, ביטריגייען אונד שווינדלערייען צוא פערנעהמען, דיעזער קליינער רוים אין אונזערע צייטונג ערלויבט ע אונז נור וועניגע דער אַרט מיט צוטהיילען דיא פאָן וויכטיגסטען אין ענגלאַנד שטאַרב דער קייזער לויעס נאַפּאָלעאָן. אין עסטרייך די פריהערע קייזערען דיא מוטטער דעם קייזער פראַנץ. אין רוסלאַנד ערקראַנקע שוועהר דעם קייזער אַלעקסאַנדערס אלטעסטטער זאָהן אונד אין פרייסען דער פירסט ביסמאַרק, הי אין ניוארק שטאַרב אונזער געליבטער פריינד האררעס גרילליע*) דער צום פרעזידענטען דער פאַראייניגטען שטאַאַטען פאָן דיא גערעכטעסטען אונד עהרליכסטען מאננער אונזערעס פאָלקעס ערוועהלט וואָרדען איזט. זאָ שטאַרב אויך דער פריהערער שטאַאַטס מיניסטער גענעראַל סעוואַרד.

„אויך וויר יודען האָבען פיעלע געאַכטעטע מאננער דורך דעם טאָדט פאַר־לאָרען אין אלטונע שטאַרב דער ראַבינער ר"ה עטלינגער ז"ל אין לאָנדאָן דער הויפּט דער דוקס פּלעס זינאַגאָגע ר שמעון חזן נ"ע אויך היר אין אַמעריקאַ זינד מעהרערע חזנים פּרעזידענטען און מעהרערע רייכע פאָן אונדז געשידען. זאָ שטאַרב אים פאָריגעס מאָנאַט איש תם זקן ונכבד בעיר ר' מנחם גאָלדשמיד ז"ל ה"י ימלאה חסרוננו וישמור אותנו מכל צרה ויגון אמן".

דער שפּאַלט ווערט פאַרענדיקט מיט דער פאָלגנדער מודעה פון דער רע־דאַקציע:

אַנקינדיגונגען

„אין נעכסטען נוממערן ווערדען וויר די פאָרטרעטע דער אויסגעצייכנעטען ידישען מאננער נעבסט איהר לעבענס געשיכטע געבען. וויר ערזוכען זאהער דיא היעזיגען ידישען געלעהרטען זאָ ווי די יעניגע מאננער דיע ניכט נור דעם האַלב זיך יודען נאננען ווייל זיא דען פאַנאַטיסמוס אָדער דעם אָבערגלויבען אונטער דען יודען צו דערהאַלטען זוכען אונז צו דיעזעם צוועקקע צו אונטערשטיצען".

צי „דיא ידישע צייטונג" איז אונטערגעגאַנגען אין 1873, אָדר זי איז דער־שינען אויך שפּעטער, ווי די גאַנצע צייט, מיט דער פינאַנציעלער שטיצע פון בוכנערס „טעמעני־האָל"־פריינט, איז ניט באַוואוסט.

די פּאָסט, וואָכנשריפט, ניו־יאָרק, אויגוסט 1870 — יאַנואר 1871; רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער צבי הירש בערנשטיין; מיט־רעדאַקטאָר, צבי גרשוני.

יולי 1870 האָט אויסגעבראָכן דער פראַנצויזיש־פּרייסישער קריג, וואָס האָט אויך ארויסגערופן גרויס אינטערעס אויפן צפון־אַמעריקאַנישן קאָנטינענט, און אַלע האָבן מיט גרויס נייגיר געלייענט די נייס פון פראָנט. באַזונדערס שטאַרק פאַר־אינטערעסירט אין מלחמה־נייס זענען געווען די „קאַלוואריער דייטשן", די רוסיש־פּוילישע יידן, וועלכע זענען געקומען אַהער פונם פּרייסישן גרענעץ־געביט און זיך קאָנצענטריט אין ניו יאָרק. דאָ זענען שוין דעמאָלט אַרויסגעגאַנגען יידישע וואָכנבלע־טער אויף ענגליש און דייטש, אָבער סיי צוליב זייער שפּראַך, סיי דורך זייער יאַהו־דימשן כאַראַקטער, זענען זיי ניט געווען צוגעפּאַסט פאַר די היימישע יידן. פון די אַלגעמיינע ענגלישע צייטונגען איז דאָך אָפּגערעדט.

* באַריםטער אַמעריקאַנער פּאָליטישער פירער און רעדאַקטאָר פון נ. י. "טריביון".

אַ קורצע צייט פֿאַרן אויסברוך פון דער מלחמה, האָט אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע און זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק דעם קאַלוואַריער רב'ס איידים צבי הירש בערנשטיין, אַ פעטער פונם באַקאַנטן ענגליש־יידישן זשורנאַליסט הערמאַן בערנשטיין. געזען, אַז דער יידישער עולם איז שטאַרק פאַרינטערעסירט אין מלחמה־נייעס, האָט בערנשטיין באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ צייטונג אויף יידיש. גלייך ביים אָנהייב האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף אַ רייע שוועריקייטן. אין ניו יאָרק איז ניט געווען קיין דרוקעריי, וואו מ'זאָל קענען דרוקן אַ יידישע צייטונג. אויף דער באַוועריי האָט זיך געפונען פראַנקס דרוקעריי, וואו מ'פלעגט דרוקן מחזורים מיט אַן ענגלישער איבערזעצונג; אין קאָראָנערס שריפט־גיסעריי אויף טשעמבערס סטריט האָט מען יאָ געקענט קריגן גענוג יידישע אותיות, אָבער זיי זענען ניט געווען צוגעפּאַסט פאַר אַ צייטונג. בערנשטיין האָט דעריבער געמוזט אימפּאָרטירן יידישן שריפט פון ווילנע און ווין. אַ צווייטע שוועריקייט איז געווען דער מאַנגל אין יידישע זעצער. צום גליק האָט זיך דעמאָלט געפונען אין ניו יאָרק דער ווילנער העברייאישער שרייבער צבי גרשוני, וועלכער האָט זיך אויסגעלערנט די מלאכה פון זעצעריי בעת ער איז געווען אויף קעסט ביי די לאָנדאָנער מיסיאָנערן. בערנשטיין האָט איינגעלאַדן גערשוני'ן צו ווערן דער זעצער און מיט־רעדאַקטאָר פון דער צייטונג. די וויכטיקסטע שוועריקייטן באַזייטיקט, האָט דאָס וואָכנבלאַט שוין געקענט אַרויסגיין, און אין אויגוסט 1870 איז דערשינען דער ערשטער נומער „די פּאָסט", די ערשטע געדרוקטע יידישע צייטשריפט אין דער נייער וועלט.

בערנשטיין און גרשוני האָבן ניט געקענט אויסקומען צווישן זיך. אַזוי שנעל ווי דער רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער האָט געקראָגן אַן אַנדערן זעצער, האָט ער גרשוני'ן אַוועקגעשיקט, און ער איז געוואָרן דער איינציקער באַלעבאָס איבער דער ליטעראַריש־זשורנאַליסטישער זייט פון דער צייטונג.

פון דער „פּאָסט" איז אפילו ניט פאַרבליבן קיין איינציקער נומער. ס'איז דעריבער אוממעגלעך זי צו כאַראַקטעריזירן. די שפּראַך איז מסתמא געווען אַ דייטשמערישע, ווי ס'איז דער פאַל אויך מיט די שפּעטערדיקע אַמעריקאַנער יידישע צייטונגען, און אַחוץ מלחמה־נייעס האָט מען, ווייזט אויס, אויך געגעבן אַלערליי אויסלענדישע און אינלענדישע ידעות און אַרטיקלען פונם משכיל'ישן שניט. ווי די זאַך זאָל ניט זיין, איז שוין דעמאָלט געווען פּלאַץ פאַר אַ יידישער צייטונג אין ניו יאָרק. „די פּאָסט" איז דערשינען ניט־אונטערבראָכן זעקס חדשים נאָכאַנאַנד.

ה י ב ר ו נ י ו ס, וואָכנשריפט, ניו יאָרק, ערשטער נומער: ערב פסח 1871; רעדאַקטאָרן אַרויסגעבער: צבי הירש בערנשטיין און יעקב קאָהן.

„די פּאָסט" וואָלט מסתמא געווען עקזיסטירט ווייטער, אָבער בערנשטיין האָט זיך געלאָזט איבעררעדן פון איינעם יעקב קאָהן, אַ ליטווישן ייד, וואָס איז „געלאָפן" נאָך אַ קליינעם פּאָליטישן אַמט אויפן דעמאָקראַטישן צעטל, אַז זיי זאָלן בשותּפות אַרויסגעבן אַ צייטונג. קאָהן האָט צוגעזאָגט צו קריגן אַ גרעסערע סומע צו פינאַנסירן די אונטערנעמונג. ביידע שותּפים האָבן געדונגען אַ פּלאַץ אין „סיטי־האָל"־געגנט און איינגעשטעלט אַ גרויסע רעדאַקציע און דרוקעריי. צוויי חדשים צייט האָבן געדויערט די הכנות, און ערב פסח, דעם 5טן אַפּריל 1871 איז דערשינען דער ערשטער נומער „היברו ניוס". ווי געזאָגט, איז יעקב קאָהן געוואָרן אַ צייטונגס־אַרויסגעבער צוליב פּאָליטישע טעמים. ער האָט דעריבער געשטרעבט, אַז זיין וואָרט זאָל גרייכן אַלע שיכטן פון דער ניו יאָרקער יידישער באַפעלקערונג; די רוסיש־פּוילישע יידן, די משכילים־העברייער, די דייטש־רעדנדיקע „יאַהודים" און די אַמעריקאַניזירטע יידן. כדי צו שיסן די אַלע פייגל מיט איין שאָס, איז די „היברו ניוס" דערשינען אין פיר שפּראַכן מיטאַמאָל: יידיש, העברייאיש, דייטש און ענגליש.

דער ערשטער נומער האָט געהאַלטן 32 זייטן, פּאָליאָ־פּאָרמאַט, ד. ה., די־זעלביקע גרויס ווי אַ היינטיקע יידישע צייטונג, און די צוויי שותּפים האָבן אָנגעווענדט אַלע מיטלען זי צו פאַרשפּרייטן ווי געהעריק.

קאָהן איז דורכגעפאַלן אין די וואַלן, און פון די טויזנטער דאָלאַר, וואָס

ער האָט צוגעזאָגט בערנשטיינען, האָט זיך גאָרניט ניט אויסגעלאָזט. די „היברו ניוס" איז אונטערגעגאַנגען. אחוץ קרענקונג, האָט בערנשטיין פון דער אונטער־נעמונג אויך געהאַט פינאַנציעלן שאָדן. ער האָט אפילו פאַרפירט אַ פּראָצעס קעגן קאָהנען, אָבער ער איז דערפון ווינציק וואָס געהאָלפן געוואָרן.

פיליפ קאָוען, וועלכער האָט געקענט קאָהנען און געדענקט זיין צייטונג, דערציילט וועגן זיי דאָס פאָלגנדיקע:

„...אַן אינטערעסאַנטער טיפּ פון אונזער געגנט, וואָס האָט אָפט באַזוכט די שול („אדרת אל"), כאָטש ניט קיין מיטגליד, איז געווען יעקב קאָהן. ער איז געווען איינער פון די ערשטע „ריעל־עסטייטניקעס" און געוואוינט אויף דער 33טער גאַס... מיר, יונגעלייט, האָבן אים ליב געהאַט, און אַזויווי ער האָט געהאַט עטלעכע אינטערעסאַנטע טעכטער, פלעגן מיר אים באַזוכן זייער אָפט. ער האָט זיך אַביסל געמישט אין פּאָליטיק און געוואָלט דערוויילט ווערן אַלס „סופּערוויזער", דעמאָלט אַן אמט, וואָס איז געווען העכער פון אַן „אָלדערמאַן". אויב איך געדענק ריכטיק, איז ער געווען דער באַלעבאָס פון „קאַרלס 23טן וואָרד־פּאַרק", אַ זומער־גאָרטן אין די בראָנקס, וועלכן ער פלעגט אַוועקגעבן פריי פאַר פאַרוויילונגען לטובת וואוילטעטיקע צוועקן. ער האָט אויך פאַרמאָגט אַ גרויסע זומער־היים אין אַמעניאַ, נ. י., וואוהין אַ סך פון אונז זענען אָפטמאָל איינגעלאַדן געוואָרן. ער איז געווען אַ ייד אַ תלמיד־חכם און פאַרהייראַט צו אַ טאָכטער פון שמואל ד. מאַס, אַ פּראָ־מינענטער מענטש צווישן די ערשטע פּרייסישע יידן, וועלכע האָבן געוואוינט אַרום קאַטאַרין סטריט און איסט־בראָדוויי. די זשורנאַליסטישע און די פּאָליטישע בין האָט געזשומעט אַרום יעקב קאָהן, און ווען ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט צו לויפן פאַר „סופּערווייזער", האָט ער אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן די „דזשואיש ניוס"*) אין 1871, מיט אַ רעדאַקציע אויף „טשעטהעם סקווער". ער האָט געצילט צו דער־גרייכן אַלע יידישע עלעמענטן דורך דרוקן זיין צייטונג אין ענגליש, דייטש, יידיש־דייטש און העברייאיש. אָבער דער דאָזיקער יידיש־דייטש איז ניט געווען דער יידיש פון היינט. ס'איז פשוט געווען דייטש מיט יידישע אותיות, דאָ און דאָרט דורכגעמישט מיט אַ העברייאישן אויסדרוק. אין יענער צייט האָבן זיך שטאַרק גע'רעש'ט וועגן די באַן־רעלסן אויף דער פערטער עוועניו, וואו זיי זענען געווען אויף דערזעלבער פלאַך ווי די גאַס, און אַזוי אַרום פאַראורזאַכט אַסך טויטפאַלן. קאָהן איז אַרויס מיט אַ לאָזונג (וועגן דעם). ער האָט געקראָגן אַ גרופּע יונגעלייט צו אַגיטירן פאַר אים אויף מאַסנפאַרזאַמלונגען, אָבער דאָס אַלץ האָט אים ניט געהאָלפן און ער האָט באַקומען גענוג שטימעס צו בלייבן זיצן אינדערהיים, און זיין צייטונג איז געשטאָרבן ביים געבוירן ווערן".**)

נ י ו  י אָ ר ק ע ר  י י ד י ש ע  צ י י ט ו נ ג, וואָכנבלאַט, רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער כתריאל צבי שרהזאָהן.

פון דער „אידישער צייטונג" איז ניט פאַרבליבן קיין איינציקער נומער, אָבער ווי שרהזאָן אַליין האָט דערציילט מיט יאָרן שפּעטער איז דאָס וואָכנבלאַט, וועמעס רעדאַקציע עס האָט זיך געפונען אויף פּאַיק סטריט, געווען „שיין דייטש געשריבן און די מערסטע אַבאָנענטן, דייטשע און פּוילישע יידן, האָבן עס גערן געלעזן". פונדעסטוועגן האָט זיך די צייטונג ניט געהאַלטן. נאָך אַ דערשיינונג פון בערך פינף חדשים איז זי אונטערגעגאַנגען און שרהזאָן האָט דערביי פאַרלוירן קרוב צו טויזנט דאָלאַר.

י ו ד י ש ע  ג אַ זע ט ע ן, וואָכנבלאַט. ענגלישער טיטול: The Jewish Gazette
רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער כתריאל צבי שרהזאָהן, פּרייז 5 סענט.

כתריאל שרהזאָן איז געווען אַן ענערגישער און איינגע'עקשנ'טער ייד. כאָטש ער האָט צו זיין „ניו יאָרקער אידישער צייטונג" (1872) געהאַט דערלייגט קרוב

**) Memories of An American Jew, by Philip Cowen. The International Press. 1932, pp. 31-32.

*) אין די ביבליאָגראַפישע רשימות איז די צייטונג אָנגערופן „היברו ניוס".

צו טויזנט דאָלאר, האָט ער אין צוויי יאָר ארום אָנגעפאנגען ארויסצוגעבן א ניי וואָכנבלאט מיטן נאָמען "יודישע גאזעטען". די רעדאקציע האָט זיך געפונען אויף 112 קאנעל סטריט, ניו יאָרק, טאקע אין דער דרוקעריי פון מ. טאָפּאָלאָווסקי, דער סאמע בעסטער און מאָדערנסטער יידישער „פּרינטער" אין יענער צייט.

כאָטש די „גאזעטען" זענען געווען א וואָכנבלאט, איז אָבער די צייטונג ניט דערשינען רעגלמעסיק. און דער ארויסגעבער האָט געמוזט אָנקומען צו שותפים און פּריוואטע אונטערשטיצער. מיר ברענגען דאָ עטלעכע לענגערע אויסצוגן פון שרהזאָנס זכרונות וועגן די קאָפּ־דרייעניש און הארצווייטיק, וואָס די „גאזעטען" האָבן אים פארשאפט. שרהזאָן דערציילט:

„די ערשטע ניין מאָנאטן האָבן די „גאזעטען" געהאט שותפים מערער ווי א טערקישער פּאשא האָט פרויען, ווייל קאפּיטאל איז געווען דאָס נויטיקסטע אר־טיקל, וואָס די „גאזעטען" האָט געפעלט, און יעדער, וואָס האָט געזען, אז דער גליקלעכער חלום איז נאָר א חלום פּשוט, האָט זיך אָפּגעוואָרפן, און די „גאזעטען" זענען געבליבן נאָר ביי שרהזאָן און ביי מ. יהלמשטיין. א גאנץ יאָר נאָכדעם האָבן מיר צוזאמען זיך געקוועלט מיט דער אויסגאבע, ווייל די „גאזעטען" האָבן דעמאָלט געהאט א דריי פאכן קאמף, היינו: פאנאטיזמוס, משכיליזמוס און קאפּיטאליזמוס; דער פרומער יהודי האָט געזאָגט, אז מען טאָר די „גאזעטען" אום שבת ניט לעזן. מען מוז די צייט בעסער מיט תהילים זאָגן אָדער חומש לערנען פארברענגען. די משכילים, וועלכע זענען אימשטאנד געווען א דעפּעשע אין דער „שטאטס־צייטונג" צו לעזן, אָדער ווער רעדט נאָך דעם, וואָס האָט דעם „המגיד" געלייענט, האָט גאָרניט געפּאסט די „גאזעטען" אין האנט צו נעמען. אָבער דער שווערסטער קאמף איז געווען מיטן, אָדער ריכטיקער אָן קאפּיטאל. דער געלט־מאנגל, חסרון כיס, האָט מיך מער ווי איינמאָל אין פארצווייפלונג געבראכט... אייגענע אותיות האָבן מיר ניט געהאט און מען האָט געמוזט צאָלן צו א געוויסן מר. מ. טאָפּאָלאָווסקי, א דרוקער, פאר נוצן זיין שריפט, נאָך א שוועריקייט איז געווען יעדע וואָך, וואָס מיר, שותפים, האָבן ניט געשטימט מיט אונזערע אידייען אין שרייבן; וואָס איינעם איז געפעלן, האָט דעם אנדערן ניט געפּאסט... א טייל וואָכן זענען די „גאזעטען" רעגלמעסיק דערשינען — און איינמאָל איינפאך גאָרניט, ווייל עס האָט געפעלט עטלעכע דאָלאר אויף פּאפּיר; און ווייל צו יענער צייט איז נאָר איין איינציקער שריפטזעצער געווען, איז גאנץ לייכט געווען צו שרייבן די אנדערע וואָך א תירוץ, אז דער זעצער איז קראנק געוואָרן, און דערווייל האָט מען איין וואָך די הוצאות איינגעשפּאָרט... ביי די אלע גליקן האָט זיך מיין דרוקער טאָפּאָלאָווסקי אָנגעפאנגען צו חלומ'ען דעם רעדאקטאָרס גליקלעכער חלום, און מיט א ריכטיקן גרונט „סטייטש, אז שרהזאָן האָט ניט קיין שריפט און ניט קיין געלט, און ער האלט זיך דאָך, א פשיטא שוין, אז איך האָב דאָך אן אייגענע דרוקעריי און א רייכע שוויגער, וואָס ביי איר וועט זיין א כבוד גדול צו האָבן אן איידים א רעדאקטאָר, וועט דאָך פון מיינע לופטשלעסער ווערן טאקע ריכטיקע שלעסער. געטראכט און געטאָן: באלד איז באשאפן געוואָרן א „פאָלקס־צייטונג",*) זייער שיין אויסגעשטאטעט... איך בין געבליבן אָן שריפט, אָן געלט און אָן א זעצער, ווייל דעם זעצער האָט ער אויך צוגענומען... איך האָב געטראכט, אז איצט איז די צייט צו באווייזן, אז מען קען א גאנצע צייטונג, אָן דער נויטיקער שריפט און אָן ארבעטער ארויסגעבן... מיר האָבן איין וואָך די גאנצע „גא־זעטען" אויפגעשריבן מיט כתיב'טע אותיות, מיט ליטאָגראפישער טינט, און אלע קאָפּיעס אָפּגעצויגן אויף א שטיין... דאָס בלאט איז זייער ניט שיין געווען, בעת אונזער קאָנקורענטס בלאט איז געווען אויסגעצייכנט שיין געדרוקט.

„אָבער מיט פרישן מוט האָבן מיר ווייטער א מיטל געזוכט און באלד אויך געפונען אותיות צו א שרייב־מאשין און מיין זון, יחזקאל, האָט די גאנצע 8 זייטן

*) „יודישע פאָלקסצייטונג", וואָכנשריפט, 1878—1880. ארויסגעבער: מ. טאָפּאָלאָוו־סקי; רעדאקטאָר: ג. קאנטאָר. שפּעטער אָפּגעקויפט פון שרהזאָנען און פאראייניקט מיט ד׳ „גאזעטען".

„גאַזעטען" דערמיט אָפּגעקלאַפּט, און דערנאָך האָבן מיר עס ליטאָגראַפירט און ווידער די „גאַזעטען" די געשאַפן. צו אונזער באַדויערן איז אויך דער נומער שלעכט אַרויסגעקומען . . .

„איך ווייס נאָך ביז היינט ניט, ווי אַזוי גאָט האָט מיר צוגעשיקט אַ סומע פון 6 דאָלאַר... און פאַר די 6 דאָלאַר האָב איך דורך אַ צופאַל געקראָגן צו קויפן אָפּגעניצטע בלייענע אותיות... מיינע צוויי קליינע קינדער זענען געווען די זעצער... פון יעדע 20 ליינט האָב איך געמאַכט סטערעאָטיפּס... אָפּגעזעצט 20 שורות האָט מען די ערשטע 20 אָפּגעלייגט און מיט די דאָזיקע קליינע סטערעאָטיפּס האָט מען די „גאַזעטען" געשאַפן... אָבער שטעלט זיך פאָר מיין לאַגע, אַז ביי דעם שווערען מיטל, ביים מאַכן די סטערעאָטיפּס, בין איך איינמאָל פון מידקייט איינגעשלאָפן. דער אויוון איז געוואָרן אַביסל צו הייס און אַלע 20 ליינס בליי־טייפּס זענען צעשמאָלצן געוואָרן און אַ העלפט פון מיין דרוקעריי, מיין האַלב פאַרמעגן, איז צו גרונט געגאַנגען".*)

שרהזאָנס איינגעבוירענע עקשנות איז איבערגעקומען אַלע מכשולים און מיט דער צייט זענען די „גאַזעטען" געוואָרן די גרעסטע און ווייט־פאַרשפּרייטסטע יידישע צייטונג אין דער וועלט. זינט1885 זענען די „גאַזעטען" געווען אַן אויסדרוק פון אַלץ, וואָס איז אין משך פון דער וואָך פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „יידישן טאַגעבלאַט", געגרינדעט פון שרהזאָנען אין דעמזעלבן יאָר. אַפּריל 1930 זענען די „גאַזעטען" פאַראייניקט געוואָרן מיטן ניו יאָרקער „אַמעריקאַנער און פרויען מאַגאַזין" און דאָס „טאַגעבלאַט" מיטן „מאָרגן זשורנאַל".

נ ו א ־ י אָ ר ק ע ר י ז ר אַ ע ל י ט, וואָכנשריפט, רעדאַקטירט פון מרדכי יהלומשטיין. ערשטער נומער: ניו יאָרק, דעם 25טן יוני, 1875. פּרייז 5 סענט. ענגלישער טיטול: *NEW YORK ISRAELITE*

יהלומשטיין, וועלכער האָט זיך פריער דערוואָרבן אַ נאָמען אַלס זשורנאַליסט ווי דער רעדאַקטאָר פון „הצופה בארץ החדשה", דער ערשטער העברייאישער צייטונג אין אַמעריקע, וואָס צבי הירש בערנשטיין (זע די נאָטיצן וועגן דער „פּאָסט") האָט אָנגעפאַנגען אַרויסצוגעבן אין 1871, האָט זעענדיק דעם פאַרהעלטעניסמעסיקן דערפאָלג פון די דעמאָלטדיקע יידישע בלעטער, באַשלאָסן אויך צו גיין אויף דעם „זשאַרגאָנישן" וועג. ער האָט דאַן אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן דעם „יזראַעליט" אין קליינעם קוואַרטאָ־פאָרמאַט. ווי מען קען זען פון דער ערשטער און פערטער זייט פון נומער 7, דער איינציקער סימן, וואָס איז פאַרבליבן פון דער דאָזיקער וואָכנשריפט, איז דער „יזראַעליט" געווען אַ גאַנץ לעבעדיק בלעטל. דער נומער הייבט זיך אָן מיט „וועלטלעכע נייעס", צווישן וועלכע עס פאַרנעמט דעם אויבנאָן די געשיכטע וועגן דעם טויט פון דעם ניו יאָרקער יידישן מיליאָנער בענדזשאַמין נאַטאַן, וועמען מען האָט געפונען דערמאָרדעט דעם 28טן אויגוסט 1870, אין זיין הייס אויף דער 23טער גאַס. די אָפּטיילונג פון יידישע נייעס אויף דער לעצטער זייט ברענגט ידיעות פון בערלין, פראַנקפורט, ברעסלוי, בראָד און בוקאַרעסט. דער נומער ווערט פאַרענדיקט מיט 4 אַנאָנסן. דער ערשטער אַנאָנס איז פון דער שי־קאַגער „ק"ק אוהבי אמונה", וועלכע פערלאַנגט איינעם גוטען חזן". משה ליוואַי פון 47 עסעקס סטריט אַנאָנסירט, אַז ער איז אַ גוטער „דרעס־מייקער" און רעכנט ביליקע פּרייזן; י. ד. אייזענשטיין, דער באַקאַנטער העברייאישער שריפטשטעלער, האָט אַן אַדווערטייזמענט וועגן זיין שאַפּ אויף לודלאָוו סטריט, וואו עס ווערן „אָבערהעמדען גוט געמאַכט"; יוסף גאָלדשטיין עט קאָמפּאַני פון 5 עלדרידזש סטריט, מאַנופעקטשורערס פון בלעך, לאָזט וויסן וועגן „ניטער פיר פּעדלערס", דורך וועלכע מען קען פאַרדינען „30 דרייסיג פּראָצענט פון יעדען דאָללאַר". דער לעצטער אַנאָנס לייענט זיך

„ביליג! ביליג! אַללע זאָרטען פון ווייסע אָבערהעמדין פערטיגע

---

*) דיא ביאָגראַפיע פון דיא „יודישע גאַזעטטען"... געשריבן פון כתריאל צבי שרהזאָן, — דאָרט, אַפּריל 20, 1984, ז. 1, 8. — אָרטאָגראַפיע מאָדערניזירט און אַסך דייטשמעריזמען פאַריידישט.

איך צו. אָרדער גוט געמאַכט און צו ביליגע פּרייזען, זינד צו בעקאָמען ביי מ. ליפּטאָהן 3 עללען סטריט".

דער „יזראַעליט", פּונקט ווי די „גאַזעטען" האָט זיך געדרוקט אין מ. טאָפּאָ־לאָווסקים דרוקעריי (זע פריער) און דאָרט האָט זיך אויך געפונען די רעדאַקציע. אָבער מער ווי עטלעכע חדשים האָט יהלומשטיין ניט געקענט אויסהאַלטן זיין וואָכנ־בלאַט, און צום סוף האָט ער זיך פּאַראייניקט מיט כתריאל צבי שרהזאָנען, זיין אייגענעם שוואָגער, און ער איז געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון די „גאַזעטען", אַן אמט, וואָס ער האָט אָנגעהאַלטן ביז צום לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

די ערשטע 5 יאָר אין דער געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע דערציילן וועגן די ערשטע טריט אויף דעם געביט אין דער נייער וועלט. פון יענע פּרוואַון איז אַרויסגעוואַקסן די ברייט־פאַרשפּרייטע און מעכטיקע אַמעריקאַנער יידישע פּרעסע, וואָס מיר האָבן היינט צו טאָג.

## ביבליאָגראַפיע פון מקורים

(יענע קוועלן, וועלכע ווערן דערמאָנט אין טעקסט, זענען ניט אַריינגענומען געוואָרן אין פאָלגנדיקער רשימה).


אַנאָנים: ו געגען 43, מעמקטיגער ווי זיי אַללע צוזאַמען... „אידישע גאַ־זעטען", אַפּריל 20, 1894. א רשימה פון 43 אַמעריקאַנער יידישע צייטונגען, מיט דאַטעס, באַמערקונגען און א צאָל רעפּראָדוקציעס פון עלטערע צייטשריפטן.

דיא געשיכטע פון די אידישע צייטונגען און זשורנאַלען אין דיא פעראייניגטע שטאַאַטען (כראָנאָלאָגישע טאַבעלע), — „קאַלענדאַר און אַלמאַנאַך (צו דעם פינף־יאָהריגען יובילעאום פון „פאָרווערטס"... אַרויסגעגעבען אונטער דער רעדאַקציאָן פון דר. טש. ראַיעווסקי... אַפּריל 22, 1902, זז. 57—56.

בערנשטיין צבי הירש: דברים אחדים על דבר היהודים והיהדות לפני שלשים וארבע שנה בנוי־אָרק — „ילקוט מערבי"... ניו יאָרק, תרס"ד.

די זכרונות פון אַרויסגעבער פון „די פּאָסט".

הארקאַווי אַלכסנדר: די ערשטע צייטען פון דער אידישער פּרעסע אין אַמעריקאַ — „יידישעס טאַגעבלאַט", מערץ 20, 1910.

וויערניק פּ.: געשיכטע פון די אידען אין אַמעריקאַ... ניו יאָרק, 1924.

זאקס א. ש.: „די געשיכטע פון אַרבייטער רינג"... ניו יאָרק, 1925, צוויי בענד.

זעלדין א.: די דראַמאַטישע געשיכטע פון דער אידישער פּרעסע אין אַמע־ריקע פאַר די לעצטע 50 יאָהר — „דער טאָג", ניו יאָרק, יוני 10, 1932.

יידיש אַמעריקאַנער פאָלקס־קאַלענדאַר... 1899—1900, ז. 70. א פאָטאָגראַ־פיע פון דער „יידישער צייטונג", דערשינען אין 1873.

מאל דר. יוסף: די מערקווירדיגע קאַריערע פון דעם רעדאַקטאָר פון דער ערשטער אידישער צייטונג אין אַמעריקאַ — „דער אידישער זשורנאַל" טאָראָנטאָ, יולי 22, 1929.

מרמר קלמן: די ערשטע אַמעריקאַנער צייטונג אין יידיש — „דער האמער", ניו יאָרק, אַפּריל 1926, זז. 52—48.

מרמר קלמן: צוויי יובילייען — „פּנקס", ניו יאָרק, נומ. 2—1, זז. 52—83.

מרמר קלמן: די אידישע פּרעסע אין אַמעריקע מיט אַ דור צוריק — „פרייהייט", ניו יאָרק, מערץ 31, 1928.

מרמר קלמן: די אַמעריקאַנער אידישע פּרעסע אין די זיבעציגער יאָרן — „מאָרגן־פרייהייט", ניו יאָרק, אַפּריל 11, 12, 1931.

די עלטערע יידישע פּרעסע אין ניו יאָרק.

פּראָבסט מענדל: די יידישע פּרעסע פון גאָר דער וועלט אין פאַרשידענע שפּראַכן — „ביכער־וועלט" וואַרשע, נומ 5—4, 1922. זז. 443— 438.

פרובסט מנדיל: חומר מספרי (סטטיסטי) לתולדות התפתחותה של העתונות הישראלי לארצותיה, לשנותיה וזמניה החל מיום הוסדה (1667 עד סוף 1920 — „קרית ספר"... שנה שניה... ירושלים, תרפ„ה—ו, זז. 443—438.

צביון: די ערשטע אידישע צייטונגען אויף דער וועלט — „פאָרווערטס"־יוּ־בילעאום אויסגאַבע, ניו יאָרק, אַפּריל 22, 1917.
קראַנץ פיליפ: אַ בליק אויף די אידישע פּרעסע אין אַמעריקאַ — „יידישעס טאַגעבלאַט", ניו יאָרק, מערץ 20, 1910.
רייזען זלמן: לעקסיקאָן פון דער יודישער ליטעראַטור און פּרעסע, וואַרשוי, 1914, זז. 742—765.
שאָכעט ח. ק.: די ענטוויקלונג פון צייטונגען — יובילייִ־אויסגאַבע פון „קע־נעדער אָדלער" מאָנטרעאָל, אויגוסט 3.
שאַמעס י.: אַ בליק אויף דער ניו יאָרקער אידישער פּרעסע — „די פּרעסע", בועּנאָס איירעס, יאַנואַר 1, 1928.
שטאַרקמאַן משה: קוועלן־ליטעראַטור צו דער געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע (1870 1900) — „פּנקס", באַנד 1, 1927—1928. זז. 312—320.
אַ ביבליאָגראַפישע רשימה פון 101 מקורים צו דער געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע אין די פאַרייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע — אויף יידיש, העברייאיש, ענגליש, דייטש און רוסיש.
שטאַרקמאַן משה: אַ קאַפּיטל פּרעסע־געשיכטע — „יידיש", ניו יאָרק, יולי צייטונג אין אַמעריקע — „פאָרווערטס", ניו יאָרק, נאָוו. 9, 1930.
שטאַרקמאַן משה: אַ קאַפּיטל פּרעסע־געשיכטע — „יידיש", ניו יאָרק יולי 3, 1932.
שרהזאָן יחזקאל: אַ בליק צוריק „יידישעס טאַגעבלאַט", ניו יאָרק, מערץ 20, 1910.
זכרונות
שרהזאָן כתריאל צבי: דיא ביאָגראַפיע פון דיא „יודישע „גאַזעטטען" און פון דעם „טאַגעבלאַט" —„יודישע גאַזעטטען", ניו יאָרק, אַפּריל 20, 1894.
זכרונות

Freidus, A. S.—*A List of Jewish Periodicals Published in the United States.* The American Jewish Year Book, Philadelphia, 1899, pp. 271-282.

[ביבליאָגראַפישע רשימה פון דער אַמעריקאַנער יידישער פּרעסע, פון 1870 ביז 1900].

G[ottheil Richard] W[illiam] P[oper] *Periodicals.* The Jewish Encyclopedia, Vol. IX, 602-640.

Hurwitz Maximilian—*One Hundred Years of the Yiddish Press*—English Dept. The Day, Nov. 23, 1924.

Margoshes, S.—*The Jewish Press in New York City.*—The Jewish Communal Register of New York City. 1917-1918.

[די רשימה פון דער פּרעסע אויף יידיש צוזאמענגעשטעלט פון יוסף מאַרגאָשעס].

Soltes, Mordecai—*The Yiddish Press, An Americanizing Agency,* New York, 1925.

Wiener, Leo—*History of Yiddish Literature in the Nineteenth Century.* 1899, pp. 357-360.

Wiernick, Peter—*History of the Jews in America.* New York, 1912.

די אויבנגעבראַכטע קוועלן האָבן צו טאָן בלויז מיט דער צייט 1870—1875

א. ר. מלאכי

# „די יידישע ציישונג“

(צו דער געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע)

פון די גאָר־ערשטע יידישע צייטונגען, וואָס זענען דערשינען אין ניו יאָרק, אין דער דאָזיקער בלאַט.*) ער איז געדרוקט אין אַ ליטאָגראַפּיע און די, וועלכע האָבן אים דערמאָנט, רופן איר טאַקע אָן די „ליטאָגראַפּירטע צייטונג“.

„די יידישע צייטונג“ ווערט צום ערשטן מאָל דערמאָנט אין האַרקאַוויס „דער יידיש־אַמעריקאַנער פּאָלקס־קאַלענדאַר“, פון יאָר תר"ס. דער צענטער נומער פון צייטונג (דאַטירט 19 פעברואַר 1873), האָט זיך געפונען ביי יהודה קאַצענעלבאָגען. און האַרקאַווי האָט אין „פּאָלקס־קאַלענדאַר“ (זייט 70), אָפּגעדרוקט אַ פאָטאָגראַפּיע פון דער ערשטער זייט פון בלאַט. אין די רשימה פון יידישע צייטונגען, וואָס זענען דערשינען אין אַמעריקע, וואָס שרהזאָן האָט אין 1894 פאַרעפנטלעכט אין „די יידישע גאַזעטן“, ווערט „די יידישע צייטונג“ ניט דערמאָנט.

כאָטש האַרקאַווי האָט דעם אינהאַלט פון בלאַט ניט איבערגעגעבן, באַקומט מען פון דער פאָטאָגראַפּירטער זייט אַ שטיקל באַגריף פון בלאַט, און אייניקע פאָרשער פון דער געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע האָבן זיך מיט דעם באַנוצט.

אַ צווייטער נומער פון „די יידישע צייטונג“ געפינט זיך אין דער ביבליאָטעק פון דעם „יידיש־טעאָלאָגישן סעמינאַר“ פון ניו יאָרק. אַ דאַנק דער פריינטלעכקייט פון דעם הויפּט־ביבליאָטעקאַר, פּראָפ. אַלעקסאַנדער מאַרקס, וועלכער האָט מיך וועגן דעם נומער אינפאָרמירט און מיר אים געגעבן איבערצוליינען, האָב איך די מעגלעכקייט צו געבן אַ שטיקל באַגריף וועגן דעם וועזן און אינהאַלט פון דער צייטונג.

דער נומער איז דער 12טער, דאַטירט אָקטאָבער 31, 1873. דער פאָרם, דער אינהאַלט און די שפּראַך מאַכן אַ קוריאָזן איינדרוק. און אויב די אַנדערע צייטונגען, וואָס זענען דעמאָלט דערשינען אין ניו יאָרק, זענען פון דעם זעלבן כאַראַקטער און טענדענץ, דאַן קען מען פון דעם איין נומער האָבן אַ גוטן באַגריף ווי די יידישע פּרעסע אין אַמעריקע האָט דעמאָלט אויסגעזען.

דער „קאָפּ“ פון צייטונג לייענט זיך: „דיא ידישע צייטונג, ערשיינט פרייטאָג מאָרגען. פּרייז זעכס צענט די נוממער. יצא לאור פעם א' בחודש, מחירו לשנה א' דאָלער; כ"ה צענט כל מודעה. ערשיינט יעדען מאָנאַט. פּרייז 1 דאָללער יאָהר־ליך, נעבסט פּרייע פּאָסט“.

ווי עס ווייזט אויס איז „די יידישע צייטונג“ געווען אַ ביילאַגע (אָדער יידישע אויסגאַבע) פון אַן ענגלישער צייטונג. דאָס איז צו זען פון דער ענגלישער אויפשריפט אין דער הויך פון צייטונג:

The New York Hebrew Times, a paper of
Politic, Religion, Science and Art. Sundays Fridays.

דער זאַץ קומט צווישן צוויי פּרויען־בילדער, וועלכע סימבאָליזירן צדק און אמונה, און אַ פּסוק פון ישעיה („והיה צדק אזור מתניו והאמונה אזור חלציו“) אַלס מאָטאָ.

לעבן נומער צוועלף איז מיט דער האַנט צוגעשריבן נומער 165. עס קאָן

---

* ווי. דר. יעקב שאַצקי האָט מיר איבערגעגעבן, ווערט אין גרינבוימס „די יידיש־דייטשע ליטעראַטור“ דערמאָנט אַ נומער פון „די יידישע צייטונג“, וואָס איז דערשינען דעם 1טן מערץ, 1870, לויט דעם קומט אויס דאָס „די יידישע צייטונג“ איז דער ערשטער יידישער בלאָט אין אַמעריקע. זע שטאַרקמאַנס אַרטיקל אין דעם זאַמלבוך.

זיין דאָס דער דאָזיקער נומער איז פון דעם ענגלישן בלאַט.

דאָס בלאַט איז פון פאָליא פאָרמאַט, צו צוויי קאָלומס א זייט, און יעדער נומער האָט אַנטהאַלטן 4 זייטן. און די אותיות — פאַרשיידנאַרטיקע, אַזוי דאָס אין איין שורה קומען כתיבה'טע און רש"י כתב צוזאַמען. די ליטאָגראַפיע, אין וועלכער דאָס בלאַט האָט זיך געדרוקט, האָט באַלאַנגט צו איינעם מיטן נאָמען מערינסקי.

כאָטש דאָס בלאַט איז אַ מאָנאַטלעכער געווען, איז צו משער זיין, דאָס בשעת אַ וויכטיקער געשעעניש פלעגט דער רעדאַקטאָר אַרויסגעגעבן אַן עקסטרען נומער. דאָס איז צו זען פון דעם לייט־אַרטיקל וועגן די וואַלן פאַר שטאַטישע אַמטן, אין וועלכן עס ווערט געזאָגט: „אין דער נאַכסטע נומער דיא וויר גלויבען אַם נעכסטען מאָנטאַג העראוס צוגעבען, וואָללען וויר דיע נאָמען דער קאַנדי־דאַטען פאָן דער אַנדערען געזעלשאַפטען הערגעבען אונד דעררען וואהל איינען יעדען איבערלאַססען".

דער „לייט־אַרטיקל" איז אַ „פּובליסיטי־רידער" וועגן דער קאַנדידאַטור פון אַ טעמעני־פּאָליטישן צו דעם אַמט פון שעריף. פון די פילע שבחים, וואָס דער רעדאַקטאָר טיילט צו דעם קאַנדידאַט, איז צו מערקן דאָס ער איז געווען אַ שטיקל מחותן מיט „טעמעני־האָל" און זיין צייטונג איז פון איר געשטיצט געוואָרן. וועגן דעם קאַנדידאַט ווערן אין אַרטיקל געזאָגט „מיסטער וויליאם צ' קאַנער! דער פאָן טאַמ־נע סאָסייטע אַלס קאַנידאַט פיר דאָס שעריף אַמטע, אויפגעשטעלט וואָרדען, איזט אונס פאָן פריעהער באַקאַנט אַלס איין בראַווער מאַנן, ער האָט שאָהן איינינגע עמטער בעקליידעט אונד האָט זיך איינען טאַדעל לאָזען נאָמען ערוואָרבען, וויר נעהמען קיינען אַנשטאַנד איהן אויך צור בעאַכטונג, האָכסט צו עמפּפעהלען... זיינע לעבענס באַשרייבונג וויר היר פאָלגען לאַסען". די „לעבנס־באַשרייבונג" איז אין ענגליש. געדרוקט צוזאַמען מיט זיין בילד און אַ רשימה פון „פּאָליטישענס", וואָס זענען „געלאָפן" פאַר פאַרשיידענע שטאַטישע אַמטן.

די צייטונג האָט פּראָפּאַגאַנדירט אַמעריקאַניזאַציע, און דאָס באַטאָנט אין יעדן אויפזאַץ פון נומער. דעם אופן ווי די אויפקלערונג צו „אַמעריקאַניזירן" די „גרינע" יידן איז אין „די יידישע צייטונג" אָנגעפירט געוואָרן, קען מען האָבן פון אַן אַרטיקל „קול קורא", אין וועלכן דער שרייבער ד"ר „פּרעדיקט": „אונזערע הייליגע תורה בעפעהלט אונז, זיעבען שבתות אום יאָהר מיט מעהר פייערלעבקייט צו פייערן, אין אונזער אַלטן היימאַטה האָבען וויר נור פיער שבתות (ד' פּרשיות) געפייערט, אָבער היר אין אַמעריקאַ וואו וויר ניט (מע)הר אין גלות זינד און דיע רעכטע דאָס לאַנדעס מיט אַ(לעמען) צו גלייך טיילנעהמען, ווערע עס אונזערע פפליכט דאָס אביגעגענבאט אום זיעבען שבתות מיט בעזונדערע פייערליכקייטען צו פייערען, אונד דרייא שמחות דען אַרבע פּרשיות צו צוגעבען".

„דיעזע מיססען דען דרייא לאַנדעס פייערטאַגען פּאַראַנגעהען. נעהמליך דען שבת פאַר דער וואהלטאַג דען שבת פאַהר דעם דאַנק געבונסטאַג אונד דען שבת פאַהר דעם 4 יולי. דאַמיט דיע פּרעדיגער אונד רבנים אונזערע בריעדער וועלכע קיין צייט האָבען דיע צייטונג צו לעזען אָדער ניכט לעזען קאָננען און דיעזע שבתות עבען דער בעדייטונג דיעזען זאָ הייליגען לאַנדעס פעסטע, ערקלאַהרען קאָננען".

„דען צוקונפטיגען שבת וואָללען וויר שבת תשובה ב' נאַננען, ער איזט דער שבת פאַהר דעם וואהלטאָג. דען מאַן דער הייליגסטער טאָג אים יאָהרע, היר אין אַמעריקאַ רעכנען קאָן. אין דיעזעם טאָג האָבען דיע אַרמע עבען ווי דיא רייכען, גלייכע רעכטע זיך מאַננער צו וואַהלען, דיע אונז ריכטען אונד רעגירען זאָללען, דיע דיע פּרייהייט אונד דאָס וואהל איינעם יעדען איינוואָהנערס צו שיצען האָבען".

„דער וואַהלטאָג איזט גלייך דעם פּערנענגונגס טאָגע! עס זינד פּערנענגונגען זאָ וויא בערוישענדע געטראַנקע, ניכט ערלויבט זאַמטליכע געשעפטע זינד גע־שלאָססען אונד די פּאָליטיקער מוססען זיך מיט איינידערן פּערזעהנען".

די איבעריקע פייערטעג, ווי דעם דאַנקס־טאָג און דעם 4טן יולי, פּטר'ט דער שרייבער אָפּ מיט שה"י־פה"י, מיט עטלעכע פּאַרעווע ווערטער. ער פּאַר־

זיכערט אָבער דאָס „אין נאכסטער נומ׳ אונזערע צייטונג וואָלען מיר דיע געשיכטע דער בעפרייאונג אונזערעס לאַנדעס, אונד דיא בעדייטונג דיעזער דרייא היילינען לאַנדעס פעסטע בעשרייבען״. און פאַרענדיקט דעם אַרטיקל: „וויר גלויבען מיט אונזערעס אויפרופע דיע אויפמערק(זאַ)מקייט דער הערען ראַבינער פּרעדיגער אונד דרשנים, איבער דיע וויכטיגקייט דעם 5 נאָוועמבער אונד דעם פאַרהערגעהענדען שבת געלענקט צו האבען, אונד עס וועדע ווינשעס וועהרט פון איהנען דיעזע זאָ דרינגענדע פפליכט ניכט אונבעאַכטעט צו לאַססען״.

ווענן די וואָלן איז געווידמעט אַ העברייאישער אויפזאַץ מיטן נאָמען: „דיני וסדר התפלה בשבתות וימים טובים״, אין וועלכן דער דרשן אָדער דער רב ווערן אויפגעפאָדערט צו דערקלערן דעם עולם פאַר וועמען צו שטימען. פון אַ שטעלע אין דעם דאָזיקן אויפזאַץ איז צו מערקן אַ נייגונג צו רעפאָרם. דער שרייבער באַטאָנט דאָס די אַלע תפלות וואָס רעדן וועגן גלות און גאולה, זאָל מען אויסלאָזן ווייל דער וואָס זאָגט ליגן איז ניט רעכטפערטיק״...

אין דעם נומער געפינט זיך אַ צווייטער „פּובליציסטישער״ אַרטיקל, וואָס איז אַ פאָרטזעצונג פון דעם 10טן נומער. איבערן אַרטיקל קומט אַ שורה „חזן ושוחט בעל קורא ומוהל ווירד געזוכט״, און מען ווייסט ניט צי דאָס איז דער נאָמען פון אַרטיקל אָדער אַן אַנאָנס, ווייל דער אינהאַלט פון אַרטיקל האָט מיט „חזן ושוחט, בעל קורא ומוהל״ גאָרנישט צו טאָן. אין אַרטיקל ווערן די יידן קריטיקירט און פון דעם באַקומט מען אַ שטיקל באַגריף פון דעם לעבן פון די יידן אין ניו יאָרק אין יענער צייט. עס איז כדאי צו ברענגען אַן אויסצוג פון אים:

„ניכט נור זינאַגאָגען און טעמפעלס ווירדען היר פאָן שפּוקעלאַנטען עררי־כטעט זאָנדערן אויך בתי מדר[שים] חברות לאָדזען אד״ג דיא אָבער קיין אַנדרען יידישען צוועק האָבען נור דען אונפערנונפטיגען רייכען אָדער אָרמען ברודער דאַס געלד אוים זיינעם בייטעל צו לאקקען דאמיט דיעזע שפּוקלאַנטען איהר שפּערען דאבייא שערען... דער געוויין דאָס זיא פאָן דער אָרטיגען צו מאַכען גלויבען, בעשטעהט אָפּט ניכט נור אום דאָס ליעבע געלד זאָנדערען אויך אַלס פּרעזידענט אָדער איין אַנדרען עהרען נאָמען צו געווינען, ווייל דער פריהערער נאָהמען ה׳ שוסטער, שניידער, גלאזער, פּעדלער אָדער בוטשער, קאַפּמאַכער איהנען ניכט מעהר צו פּאססען שיינט, אָבוואָהל זאָלכע נאַהמען היר דען מאַנן, דער אויך קאנטניסטע בעזיצט, גאָר קיינע הינדערנים אים וועגע לעגען, דאָס העכסטע אַמט, היר בעקליידען צו קאָננען לינקאָלען, דזאנסען אונד דער יעצטיגע פּרעזידענט גראַנט און ווילסען, האָבען עבען פריהער זאָלכע עהרליכע נאָמען געפיהרט״.

„אונזערע הייסגעשיעדנער פריינד דער זעעליגער האָראַס גריעליע, דער צום פּרעזועדענטן פאָן דען גבילדעטען אונד רעכטשאַפענסטען בורגער דער פעראייניגטען שטאַאטען ערוואהלט וואָרדען איזט, וואַהר עבען איין צייטונגס רעדאַקטאָר, דער זאָהן איינעם פּאַ[ר]מערס״.

„עס אונטערשיידעט זיך נור אָבער דאָס די לעצטערע זיך איהרע האָהע שטעלונגען דורך גייסטעס קראַפט אונד וואַהל־טעטיגקייט ערוואָרבען האָבען, ווא היגגעגען יענע בלויס דער צופאַלל איין פערמעגען פון צייטיגען גוטער געליהען, אדער דאָס זיע דורך שפּיקעלאַטיאָן געוואונען, אונד גלויבען איהר געווין זוכט אויך אין דעם פּרעזודענט אד״ג טיטעל צו בעפרידיגען אָדער דענקען פּיליכט וואַס גרויסעס געטאָהן צו האָבען אונד דעם ליעבען גאָטט אויך גפאליג דאַמיט זינד ווען זי זינאַגאָגען אָדער טעמפּעלס עררינכטען, חברות אונד לאדזען פאַרבראָצירען״.

דער „ליטעראַרישער טייל״ פון „די יידישע צייטונג״ איז אונטער אַ טיטל „ביילאַגע צו נומער 11״. דאָ געפינט איר אַ מין פעלעטאָן „געזוכט פינף הונדערט לעהרער אין ניו יאָרק עברי לעזען צו לעהרנען!״ אין וועלכן עס ווערט אָנגעמערקט עטלעכע פּאַסירונגען, וואָס איינע צו דער צווייטער האָט ניט קיין שייכות. איך גיב זיי דאָ איבער:

„ר׳ יעקעל דעם מולארז אַכט יאָהריגע ינגל ווירד ניכט נור פון אַללען היר בעניידעט, זאָנדערען יונגע אונד אַלטע זוכען נון איהר מאַנגעל אין עברי צו

פערבעסערען, אין זאַמטליכע זינאַגאָגען אויך בתי מדרשים ווערדען נון יעצט שולען אום עברי צו לעזען צו לעהרנען עררינכטעט דיא 44 אונד 34סטע סטריט זינאַגאָגע האָבען שוין זייט 8 מאָנאַט זאלכע שולען בערייטס געמאַכט אונד אוים מאַנגעל אָן לעהרער ווארדע די לעצטערע גענאטהיגט דען בוכבינדער הארעוויץ 119 קריסטי סטריט אַלס עברי לערנער אָן צו שטעללען, מאַנכע גלויבען נאָך לונדען דירעקט צושיקען אום לעהרער היר הער קאמען צו לאַססען".

„דער יונגער חזן איזט נון ניכט מעהר בייא דער געמיינדע וואו ער אָנגעשטעלט וואהר — און יעדעס שבת בעטעט ער אין איינע אַנדרע זינאַגאָגע פאַהר ווערענד דער פייערטאגע זאָלל ער אין איינער גרויסען זינאַגאָגע פאַהרבעטען, לייענען און מפטיר זאָגען".

„פולינע לוקקע איז זייט 8 מאָנאַט פאָן היר אָבגערייזט אונד בעפינדעט זיך געגעוואַלטיג אין פילאַדעלפיע, ווען דער יונגער חזן עבען נאָך פילאַדעלפיע צו רייזען געזונען זיין זאלטע, ווירד די פאָלינע לו' מאגליכער ווייזער היר הער, אָדער נאָך באַלטימאָר רייזען".

אַ צווייטער פעלעטאָן מיטן נאָמען „ר' דוד אונד שלומיאל", איז אַ „קיבעץ" און קלייזל־פּאָליטיק געשפרעך, וואָס דרייט זיך אַרום דעם חזן פון בית־המדרש הגדול; אַ פאָרטזעצונג פון אַ דערציילונג „איטשקע דעם מגיד'ס". די פאָרטזעצונג איז אַזש פון „נומ' 8, 9, 10, 11". פון איין פאַראַגראַף פון דער דאָזיקער דערציילונג שטוים איך זיך אָן, אַז עס איז אַ „רכילות" וועגן אַ שוחט מיטן נאָמען פרידמאַן, וואָס מען האָט חושד געווען אין פירן אַ „זינדיקע ליבע" מיט אַן אשת־איש, און מען האָט אים צוליב דעם געוואָלט פסל'ן די שחיטה. זיין „צד" האָט אָבער דאָס ניט דערלאָזן, און עס איז צוליב דעם אויסגעבראָכן אַ מחלוקת. דער פאַראַגראַף לייענט זיך: „די רעבעצעען דעם מגידס וויב האָט נעביך געוואָלט דעם עולם מיט לייבעלע לויז ווערדען איז זי געפאַלען אויף איין עצה זיא האָט געזאָגט צו דעם עולם אַז זיא וויל שיקען נאָך דעם רבי איש שלום שוחט ער איז אַ גוטער יוד אויך, איהר ט[אָכט]ער האָט ער אַ רפואה געגעבען בשעת זיע אויך יענעם ע[נין] בעקומען האָט אונד וואַהר ער דער מלאך רפאל צו איהרע טאָכטער"...

קיין פיל כראָניק געפינט זיך ניט אין „די יידישע צייטונג". דער יידישער לעבן אין ניו יאָרק איז דעמאָלט צו אָרים געווען מיט פאַסירונגען צו „ליפערן" נייעס. די לאָקאַלע נייעס איז וועגן פאַראיינען און אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג לטובת אַ „טשאַריטי"־אונטערנעמונג. זיי זענען געשריבן באריכות. איך גיב דאָ איבער צוויי שטיקלעך נייעס, צוזאַמען מיט דעם רעדאַקטאָרס קאָמענטאַרן:

„בעקאַנטמאַכונג! אונטער דעם נאָמען האַנדווערקער פאַראיין האָט זיך היר איינע געזעלשאַפט געבילדעט וועלכע דען צוועק פערפאָלגט, אָרמע לייטע דיע איהרע נאַהרונג דורך האַנדאַרבייט, פעדלען אונד גלאזערען, ערוואָרבען מוססען צו אונטערשטיצען, בעזונדערס איהנען בילליגס אונד געזונדע וואָהנונגען צו פערשאַפען, דיעזער פעראיין ווירד איין זעגען דער מענשהייט היר אין דיעזער שטאָדט, ווא בעזונדערס די אָרמע לייטע פאן בלוטזאָגערס דיא זיך הייזער אָנגעקויפט געקוועלט אונד געדרוקט ווערדען, האָפענטליך זיין. אונד עס איזט צו ווינשען דאָס זיך איין יעדער בר ישראל דיעזעם פעראיינע אָנשליסען מאַגע. וויר זינד בערייט נאָך אונזערע קראפטע דיעזעס זאָ וואָהלטאטיגען פעראיינע צו אונטערשטיצען, אויך יעדעס דער זיך דעם פעראיינע אָנשליסען וויל".

„אין ניויאָרק! איזט פיער דיע אונטערשטיצונג דער אָרמען יודען מיט קוילען איין טעאַטער שפיעל געמאַכט וואָרדען דעם אָבער קוים טויזענד דאָללער איין געבראַכט האָט".

„עס שיינט דאָס די רייכען היר גלויבען עהער דאָס זיא אַלט אונד שוואַך ווערען אַלס די אָרמע לייטע אין דעם ווינטער היר פיר קאַלטע אומקומען מוסען".

„אים פאָריגעם יאָהרע האָבען וויר עבען פיר דיא אונטער שטיצונג דעם העברוא אינסטיטוט — איין טעאַטערשפיעל פעראַנשטאַלט אונד לידער איבער 50 דאָללער צוגעזעצט".

די אויסלענדישע יידישע נייעס קומט אונטער א העברייאישן טיטל „חדשות שונות". די נייעס זענען נאָר „מהערצוגטום פאזען", און איז אויך באריכות געשריבן. דער רעדאקטאָר טאדלט די „פינסטערלינגן" און „פאנאטיקער" און שטעלט קעגן זיי ארויס אלס מוסטער „דיא פאָרטגעשריטס מאננער אין דער דאָר־טיגען געמיינדע".

מודעות געפינען זיך אין „די יידישע צייטונג" א היפש ביסל. די מערסטע זענען דעם רעדאקטאָרס, וועלכער אנאָנסירט דאָרט א „אינזעקט פולווער" בהכשר הרבנים פון לאָנדאָן און ניו יאָרק (די ניו יאָרקער „רבנים, דרשנים וחזנים ומגידים" זענען: ר׳ משה אראָנזאָן, ר׳ אלעקסאנדער זיסקינד קארוי, ר׳ יוסף אש, ר׳ זיסקינד מגיד פון בית־המדרש אין עלען סט., ר׳ יהושע, ר׳ לייב, ר׳ נחום שטרייזאנד, די ברידער וויגאדער, די רעפאָרמער־ראביים: דר. אדלער, דר. איינהאָרן, דר. היפש, מעלזינגער, וועליש, גאָלדשטיין, ראבין און ראָזענבערג); אן אנאָנס אין ענגליש וועגן א העברייאישער שולע, א מודעה „אויך דאָ ווירד אונזער צייטונג פיר פעדלער אונד דיעניגען דיע זיא נאָך פוילען שיקען וואללען מיט 2 צענט בילליגער פארקויפט"; א מודעה „ליל י"ג מבערין את החמץ ובודקין" און וועגן „איין שאהנעס בילד פערארטיגען לאססען" פאר חנוכה „אויף וועלכעס אויך דיא ברכות פון חנוכה אבגעדרוקט זינד". צום סוף פון דער דאָזיקער מודעה איז י. ק. בוכנער אָנגעגעבן אלס רעדאקטאָר („אָדיטור") פון צייטונג. די איינציקע באצאָלטע מודעה איז די וואָס דערציילט „אין נוממער 211 דיוויזיאָן סטריט איז איין כשר בוטשער סטויער וועגען געוויססער אומשטאנדע ביללינג צו פארקויפען".

פון די פארשיידענע מודעות איז צו זען דאָס אויסער „די יידישע צייטונג" האָט דער רעדאקטאָר אויך אנדערע געשעפטן געהאט, און איז א גאנצער „אונ־טערנעמער" געוועזן. צי האָט ער פון די אלע מסחרים זיינע געהאט פרנסה, אָדער א דאנק זיי האָט ער געהאט פון וואָס צו דערלעבן און געקענט ארויסגעבן דאָס בלאט? — איז ניט באוואוסט. פון זיינעם א בריוו, וואָס געפינט זיך ביי מיר, איז צו זען דאָס „די יידישע צייטונג" איז ניט זיין איינציקער פארזוך אויפן „צייטונגס־פעלד", דאָס, נאָך אין אייראָפּע האָט ער ארויסגעגעבן צייטונגען.

דער בריוו (דאטירט 28 סעפּטעמבער 1894) איז געשריבן צו א העברייאישן רעדאקטאָר אין ניו יאָרק, און ער זאָגט „אויך איך האָב ניט איינמאָל געפּרובט און האָב פון מיין האָרעוואניע גאָרנישט געהאט. האָב נאָך אָנגעוואָרן מיין פאר־מעגן און גע'פטר'ט מיין צייט, און אומזיסט האָב איך העכער דרייסיק יאָר זיך געמוטשעט אין דייטשלאנד, ענגלאנד, פראנקרייך און אויך דאָ, אין דער דאָזיקער לאנד". מעגלעך דאָס א חוץ „די יידישע צייטונג" האָט ער ארויסגעגעבן (אָדער זיך באטייליקט אין די אויסגאבן) פון אנדערע יידישע צייטונגען. איינע פון זיינע צייטונגען איז מיר באוואוסט. דאָס איז „דער טעלעפאָן", וואָס איז סוף פון די נייינציקער יאָרן דערשינען אין ניו יאָרק. דאָס בלאט איז גרויס ווי א „קליין בענטשערל", און מען קען אים האלטן אין דער וועסט־קעשענע. דער שער־בלאט לייענט זיך: „טעלעפאָן, איינע מאָנאטליכע צייטשריפט, פיר טאָלע־ראנטע אונד ליבעראלע איזראעליטען. אינהאלט: וויססענסווירדיגע ארטיקעל, בע־לעהרונגען, גרינדליכע בעוויזע געגען פאלשע אויסלעגונגען אונד אונגערעכטע איבערזעצונגען פילער ווארטע אונד געזצע אין דער תורה, הערויסגעגעבען פאָן י. ק. בוכנער, ניו יאָרק. ערשטע ליפערונג, יאנואר 1898". דער נומער האלט 24 זייטן און דער גאנצער מאטעריאל איז בוכנערס, געשריבן דייטשמעריש און איז פול מיט בטלנות. דער „טעלעפאָן" געפינט זיך אין דער יידישער אָפּטיילונג פון דער ניו יאָרקער פאָלקס־ביבליאָטעק, און ווי עס ווייזט אויס, איז מער ווי דער איין נומער ניט דערשינען.

ווי עס ווייזט אויס, האָט ער דעמאָלט געהאלטן א דרוק אויף נאָרפאָלק סטריט, ניו יאָרק. אין 1894 האָט ער געוואוינט אין גרינפּוינט, לאָנג־איילענד, און זיך באשעפטיקט מיט „פּאָבלישינג" (זיין בריוו, וואָס געפינט זיך ביי מיר,

איז געשריבן אויף אַ לשנה־טובה, וואָס אויף ענגליש איז אָנגעגעבן „י. ק. בוכנער, פּאָבלישער").

כאָטש ער איז ניט לאַנג טויט, האָט בוכנער נאָך זיך ניט געלאָזן קיין שפּורן. כ'האָב פון די עלטערע שרייבער און משכילים ניט געקענט באַקומען קיין ידיעות וועגן אים. אויך די פּערזאָן, פון וועמען איך האָב בוכנערס בריוו באַקומען, האָט זיך גאָרניט געקענט דערמאָנען וועגן אים. פון זיין שפּראַך אין „די יידישע צייטונג", ווי אויך פון זיין בריוו איז צו דרינגען, דאָס ער איז געבוירן אין דער פּראָווינץ פון פּויזן, וואָס האָט דעמאָלט באַלאַנגט צו פּרייסן.*) דעם נאָמען י. ק. בוכנער האָב איך געהאַט געזען אין איינעם פון די אַלטע העברייאישע בלעטער, קען זיך אָבער איצט ניט דערמאָנען מיט וואָסער פאַרבינדונג. פון זיין בריוו, וואָס געפינט זיך ביי מיר, איז צו זען, דאָס קיין גרויסער למדן איז ער ניט געווען (זיין שפּראַך איז פול מיט גרייזן).

---

*) אפשר איז ער אַ קרוב פון דעם זאב הכהן בוכנער, דער מחבר פון „צחות המליצה" און אַנדערע מליציה־ספרים. בוכנייר איז געבוירן אין גאַליציע, האָט אָבער זיינע מערסטע יאָרן פאַרבראַכט אין דייטשלאַנד, וואו ער איז אין 1920 געשטאָרבן.

---

אליהו שולמאן:

# „די אַרבייטער צייטונג"

די יידישע מאַסן־עמיגראַציע קיין אמעריקע האָט אָנגעהויבן אין יאָר 1881. ווען 5692 יידן זענען אָנגעקומען קיין אמעריקע. אין 1882 האָט שוין די צאָל אימיגראַנטן דערגרייכט צו 13,202. פון יאָר צו יאָר איז די יידישע עמיגראַציע געשטיגן. אין משך פון די יאָרן 1880־1900 זענען אָנגעקומען קיין אמעריקע 580,000 יידן.

די יידישע מאַסן, וועלכע זענען געקומען אין נייעם לאַנד אריין, האָבן דאָ געזוכט ברויט און זיכערקייט, האָבן זיך צופרידנגעשטעלט מיט וועלכער עס איז אַרבעט. דאָס רוב זענען געוואָרן „פּעדלערס" פון פּרוכט, שמאַטעס און ברוכוואַרג. אַנדערע, אין אַ קלענערער צאָל, זענען געוואָרן אַרבעטער. זיי האָבן געשקלאַפּט אין די שוויץ־שעפּער אונטער די ערגסטע באַדינגונגען. דער אַרבעט־טאָג האָט זיך אָנגעהויבן מיטן זון־אויפגאַנג און האָט זיך פאַרענדיקט שפּעט ביינאַכט. די שכירות זענען געווען זייער נידעריקע, קיין באַשטימטע אַרבעטס־לוין איז ניט געווען. יעדער באָס האָט געצאָלט וויפיל ער האָט געוואָלט.

דער דורכשניט פאַרדינסט פון אַזא אַרבעטער אין 1885 איז געווען אַכט דאָלאַר אַ וואָך. די בעסטע אַרבעטער האָבן וועכנטלעך פאַרדינט צען דאָלאַר. פרויען, ווידער, האָבן פאַרדינט פון דריי ביז זעקס דאָלאַר אַ וואָך. גאַנצע פאַמיליעס פלעגן אַרבעטן צו צוועלף און פערצן שעה אַ טאָג — און האָבן קוים פאַרדינט אויף אַ לעבן. משפחות פון זעקס מענטשן האָבן געוואוינט אין צוויי קליינע צימערלעך.

צוזאַמען מיט די גרויסע יידישע מאַסן איז קיין אמעריקע אָנגעקומען די קליינע צאָל אינטעליגענטן. אַ טייל פון זיי האָט געהאַט אַנטיילגענומען אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אַט די אינטעליגענטן האָבן אין אָנפאַנג פּרובירט גרינדן קאָלאָניעס אויף קאָמוניסטישע יסודות. אַנדערע האָבן געגרינדעט קאָמונעס אין ניו יאָרק גופא. אָבער סיי די אַגריקולטור־קאָלאָניעס, סיי די קאָמונעס אין ניו יאָרק האָבן לאַנג ניט עקזיסטירט און זענען ביסלעכוויז אונטערגעגאַנגען.

די אינטעליגענטן, וואָס זענען געווען אין ניו יאָרק, האָבן גענומען דיסקוטירן די פראַגע ווי אַזוי מ'זאָל אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטער, כדי צו מאַכן זייער

לעבן גרינגער און צו דערזעלבער צייט אַגיטירן צווישן זיי פֿאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אין 1882 איז געגרינדעט געוואָרן דער „פּראָפּאַגאַנדע פֿאַראיין", מיטן צוועק צו אָרגאַניזירן „יוניאָנס" און אָנצופֿירן אַ רעוואָלוציאָנערע אויפֿקלערונגס־אַרבעט צווישן די יידישע מאַסן. דער פֿאַראיין האָט זיין אַגיטאַציע צוערשט אָנגעפֿירט אויף רוסיש — אַ שפּראַך, וואָס איז געווען פֿרעמד די ברייטע יידישע מאַסן. אב. קאַהאַן האָט פֿאָרגעשלאָגן, אַז דער פֿאַראיין זאָל אָנפֿירן זיין אַרבעט אויף יידיש. די ערשטע יידישע סאָציאַליסטישע לעקציע אין אַמעריקע איז געהאַלטן געוואָרן פֿון אים גופֿא (דעם 3טן אויגוסט 1882).

נאָכן אונטערגאַנג פֿון „פּראָפּאַגאַנדע פֿאַראיין" איז געגרינדעט געוואָרן דער „יידישער אַרבעטער פֿאַראיין". אויך אָט די אָרגאַניזאַציע האָט געהאָלפֿן גרינדן יידישע יוניאָנס און אַנטיילגענומען אין די פּאָליטישע וואַלן, שטיצנדיק דעם באַקאַנטן אַמעריקאַנער עקאָנאָמיסט, הענרי דזשאָרדזש.

ווען דער יידישער אַרבעטער־פֿאַראיין איז אונטערגעגאַנגען, האָבן זיינע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע מיטגלידער געגרינדעט דעם 8טן ברענטש פֿון „דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער פּאַרטיי (ס. ל. פּ.) אין דעם אַרבעטער־פֿאַראיין האָבן אויך געהאַט מיטגעאַרבעט אַנאַרכיסטן — ווייל דער קלוב איז געווען אָפֿן פֿאַר אַלע אַרבעטער. די אַנאַרכיסטן האָבן אָבער ניט געקאָנט אַריינטרעטן אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, האָבן זיי אָרגאַניזירט דעם קלוב „די פּיאָנערן — דער פֿרייהייט". די דאָזיקע שפּאַלטונג האָט גורם געווען דעם היציקן קאַמף צווישן די אַנאַרכיסטן און די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. מען האָט אָפּגעהאַלטן מיטינגען, אָנגעפֿירט דעבאַטעס, פֿאַרשפּרייט אויפֿרופֿן און פּראָקלאַמאַציעס. די אינטעליגענטערע יידישע אַרבעטער זענען באַלד אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם דאָזיקן קאַמף.

די אַנאַרכיסטן האָבן באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ צייטונג, און אין אָנהויב 1889 האָבן זיי געגרינדעט „די וואַרהייט", וואָס זיי האָבן געוואָלט פֿירן ווי אַן אומפּאַרטייאישן אַרבעטער־אָרגאַן. דער ציל איז געווען, אַז „די וואַרהייט" זאָל פֿאַרטרעטן ביידע ריכטונגען אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג — די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע און די אַרנאַרכיסטישע. די אַנאַרכיסטן האָבן צוגעצויגן אַ געוויסן זאַלצבערג, וועלכער האָט געדאַרפֿט פֿאַרטרעטן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. אַלס רעדאַקטאָר האָבן זיי באַשלאָסן צו איינלאַדן מ. ווינטשעווסקין. ווען ער האָט זיך אָבער אַנטזאַגט אָנצונעמען די שטעלע, האָבן זיי איינגעלאַדן י. יאַפּפּאַן. צווישן זייערע מיטאַרבעטער זענען געווען: ש. יאַנאָווסקי, י. א. מעריסאָן, הלל זאָלאָטאָראָוו, משה קאַטץ און דוד עדעלשטאַט. די צייטונג איז, ניט געקוקט אויפֿן צוזאָג צו פֿאַרטרעטן די גאַנצע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, איז פּאַקטיש גאָר געווען אויסגעשפּראָכן אַנאַרכיסטיש. אָבער מיט אַלע אָנשטרענגונגען האָבן די אַנאַרכיסטן ניט געקאָנט פֿאַרזיכערן דער צייטונג אַ קיום און נאָך אַן עקזיסטענץ פֿון אַרום פֿינף חדשים איז זי אונטערגעגאַנגען.

די אַנאַרכיסטן האָבן דאַן איינגעזען, אַז מיט זייערע אייגענע כוחות וועלן זיי קיין אייגענעם אָרגאַן ניט קאָנען אַרויסגעבן. איז באַשלאָסן געוואָרן אָנצוהויבן אַ באַוועגונג פֿאַר אַן אַרבעטער־צייטונג, וואָס זאָל אַרויסגעגעבן ווערן פֿון דער גאַנצער אַרבעטער־באַוועגונג און רעדן אין איר נאָמען*). ביי די אַנאַרכיסטן איז געבליבן אַביסל שריפֿט פֿון דער „וואַרהייט" און אַ קליינער פֿאָנד, האָבן זיי באַשלאָסן איינצולאַדן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און די פֿאַראייניקטע „יידישע געווערקשאַפֿטן" צו אַ „קאָנווענשאָן", כדי צו באַטראַכטן דעם פּלאַן פֿון דער פּראָיעקטירטער צייטונג.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן די איינלאַדונג אָנגענומען בתנאי, אַז אַ חוץ פֿאַרטרעטער פֿון די „פֿאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפֿטן" זאָל יעדע יוניאָן זיין פֿאַרטראָטן מיט ספּעציעלע דעלעגאַטן. אַ צאָל אַנאַרכיסטן האָבן מורא געהאַט, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטן צוזאַמען מיט די דעלעגאַטן פֿון די יוניאָנס

---

*) י. קאָפּעלאָוו, „אַמאָל אין אַמעריקע", זייט 244. בורגין, די געשיכטע פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, זייט 175.

זאָלן ניט מאַיאָריזירן די קאָנפערענץ. י. קאַפּעלאָוו איז געווען שטאַרק קעגן דער קאָנפערענץ. ער האָט זיך באַנוגענט מיט דער פּריוואַטער „יידישער פאָלקסצייטונג", וועלכע איז געווען אַן אומפּאַרטייאישער אַרבעטער־אָרגאַן.[1] אָבער די מערהייט אַנאַרכיסטן, אָנגעפירט פון ר. לואיס, האָט באַשלאָסן יאָ אַנטיילצונעמען אין דער קאָנפערענץ.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און די „פּאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן" האָבן דאַן אויך געוואָלט האָבן זייער אייגענעם אָרגאַן, ווייל זיי האָבן זיך ניט צופרידנגעשטעלט מיט „יידישער פאָלקס צייטונג". זיי האָבן דעריבער באַשלאָסן אַנטיילצונעמען אין דער קאָנפערענץ.[2]

די „פּיאָנערע דער פרייהייט" האָבן איינגערופן די קאָנפערענץ, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 25טען דעצעמבער 1889, אין לאָקאַל פון די "פּיאָנערן דער פרייהייט", אין דער שטאָט־געביידע, אין „עסעקס מאַרקעט". זי האָט געדויערט זעקס טעג און זעקס נעכט. אין דער קאָנפערענץ האָבן אַנטיילגענומען פון 45 ביז 47 דעלעגאַטן. בורגין[3] דערציילט, אַז די אַנאַרכיסטן זענען געווען פאַרטראָטן פון לואיס מ. קאַטץ, זאָלאָטאַראָוו און עדעלשטאַט. קאַפּעלאָוו,[4] אָבער גיט אָן, אַז עדעלשטאַט איז דעמאָלט ניט געווען אין ניו יאָרק, און אַז קאַטץ און זאָלאָטאַראָוו זענען געווען בלויז באַזוכער. לויט קאַפּעלאָוון זענען די אַנאַרכיסטן געווען פאַרטראָטן דורך אים און ר. לואיס. די ניו יאָרקער סאָציאַל־דעמאָקראַטן זענען געווען פאַרטראָטן פון ל. מיללער, מאָרים הילקאָוויץ און ל. באַנדעס.[5] עס זענען אויך געווען פאַרטרעטער פון באָסטאָן, באַלטימאָר, פילאַדעלפיע, נואַרק און ניו הייווען.

דער ערשטער פונקט אויף דער טאָג־אָרדענונג, וועגן דער נויטיקייט פון אַן אַרבעטער־צייטונג איז גלייך אָנגענומען געוואָרן. דער שטורעם האָט אויסגעבראָכן אויף דער צווייטער זיצונג, דעם 26טן דעצעמבער, ווען מען האָט באַהאַנדלט די פראַגע וואָס פאַר ריכטונג די צייטונג זאָל האָבן. די אַנאַרכיסטן האָבן פאָרגעשלאָגן איין צייטונג פאַר דער גאַנצער אַרבעטער־באַוועגונג. די רעדאַקציע זאָל באַשטיין פון צוויי: פון אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט און פון אַן אַנאַרכיסט. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן פון אַזאַ צייטונג ניט געוואָלט הערן. זיי האָבן עס מאָטיווירט מיט דעם, וואָס אין דער צייט פון די וואַלן וועט די צייטונג דאַרפן אַגיטירן מען זאָל שטימען פאַר די סאָציאַליסטן, בעת די אַנאַרכיסטן וועלן זיין דאַגעגן.

די אַנאַרכיסטן האָבן דעמאָלט געזאָגט, אַז דאָס איז נאָך בעסער, ווייל דער אַרבעטער וועט זיך קאָנען בעסער באַקענען מיטביידע שטאַנדפּונקטן, און ער וועט דאַן קאָנען באַשטימען ווי צו האַנדלען. י קאַפּעלאָוו גיט איבער די אַנאַרכיסטישע מיינונג מיט די פאָלגנדע ווערטער: „וואָרים וואָס איז די נפקא מינה און אַז מיר וועלן אַרויסגעבן צוויי באַזונדערע צייטונגען וועט הפנים דער אַרבעטער ניט הערן די הפוכים, פאַר וועלכע איר שרעקט זיך אַזוי? איר קאָנט דאָך זיך נישט באַוואָרענען, אַז די אַרבעטער זאָלן נישט לייענען ביידע צייטונגען. היינט צו וואָס אַרויסגעבן צוויי צייטונגען און שטעלן ביידע אין סכנה, אַז דער רעזולטאַט וועט דאָך סיי ווי זיין דער זעלבער"? (קאַפּעלאָוו, „אַמאָל אין אַמעריקע, זייט 248).

די סאָציאַל־דעמאָקראַטן זענען אָבער געבליבן איינגעעקשנ'ט. אַ צאָל פון זיי האָבן פּשוט ניט געגלויבט, אַז זיי וועלן קאָנען אַרבעטן האַרמאָניש מיט די אַנאַרכיסטן. ר. לואיס און ש. פּרענער פלעגן באַשולדיקן די סאָציאַליסטן, אַז

1) י. קאַפּעלאָוו, „אַמאָל אין אַמעריקע", זייט 244.

2) בורגין, „די געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג", זייט 175.

3) דאָרט, זייט 176.

4) קאַפּעלאָוו, „אַמאָל אין אַמעריקע", זייט 246.

5) בורגין גיט אָן, אַז באַנדעס איז געווען אַ דעלעגאַט. קאַפּעלאָוו שרייבט, אַז באַנדעס איז געווען אַזוי קראַנק, אַז ער האָט די קאָנפערענץ ניט געקאָנט באַזוכן.

זיי זענען שווינדלער — און די סאָציאַליסטן האָבן ניט געקאָנט באַגרייפן פאַר־וואָס די אַנאַרכיסטן ווילן זיך פאַראייניקן מיט שווינדלער.

דער הויפּט־פירער פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן איז געווען ל. מיללער. ער האָט געקעמפט פאַר אַ סאָציאַליסטישער צייטונג, וואָס זאָל אויסדריקן די אידייען פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. ער האָט געוואָלט אַ צייטונג, וואָס זאָל אין צייט פון אַ סטרייק שרייבן און אַגיטירן פאַר דעם סטרייק. ניט אַז די שרייבער זאָלן, אין מיטן סטרייק, זיך אַוועקזעצן און שרייבן אַרטיקלען צי מען דאַרף אַ סטרייק צי ניט. אין די דעבאַטעס האָט מען זיך ניט געשראָקן פאַר „שטאַרקע ווערטער". די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָט מען גערופן „פּאַרטייאישע", די אַנאַרכיסטן — „פּאַ־רעוועו לאָקשן".

דער אינטערעס צו דער פּראָיעקטירטער צייטונג איז געווען זייער גרויס. דער זאַל איז שטענדיק געווען געפּאַקט מיט באַזוכער. די דעלעגאַטן פלעגן פון מידקייט איינשלאָפן אויף זייערע בענקלעך. אָבער יעדע ווילע פלעגט ווערן אַ טומל און מען האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָ „דעבאַטירט" אַ סאָציאַליסט מיט אַן אַנאַרכיסט.1) וואָס מער מען האָט דעבאַטירט אַלץ מער איז געוואָרן קלאָר, אַז צו קיין איינס־קייט וועט ניט קומען. די סאָציאַליסטן האָבן געהאַט אַ קליינע מער־הייט. נאָר איין דעלעגאַט האָט ניט געוואוסט מיט וועמען ער האַלט. דאָס איז געווען יוסף באַראָנדעס, אַ דעלעגאַט פון דער „ניפּענטס יוניאָן". ער האָט צו־געזאָגט צו שטימען אי פאַר די סאָציאַליסטן, אי פאַר די אַנאַרכיסטן. איין מאָל איז מ. קאַטץ געגאַנגען צו אים אין הויז אַריין איבערעדן אים ער זאָל שטימען פאַר די אַנאַרכיסטן. ער האָט דאָרטן געטראָפן קאַהאַנען, וואָס האָט באַראָנדעסן אַגיטירט פאַר די סאָציאַליסטן. קאַטץ איז נעבעך אָפּגעשטאַנען אַ גאַנצע נאַכט און געוואַרט, אַז אַב. קאַהאַן זאָל אַוועקגיין. דערנאָך האָט אים קאַטץ אַגי־טירט פאַר די אַנאַרכיסטן. אָבער ער האָט שוין צוגעזאָגט קאַהאַנען צו שטימען פאַר די סאָציאַליסטן.2)

נאָך זעקס טעג פון קריגערייען האָט זיך די קאָנפערענץ פאַרענדיקט מיט אַ שפּאַלטונג. די סאָציאַליסטן האָבן געזיגט מיט אַ מערהייט פון איין שטימע (21 קעגן 20). די אַנאַרכיסטן האָבן פאַרלאָזן דעם זאַל און זענען אַוועק אין אַן אַנדער לאָקאַל, וואו זיי האָבן פאָרטגעזעצט זייער צוזאַמענפאָר.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן באַשלאָסן צו גרינדן אַן אייגענע צייטונג מיטן נאָמען די „אַרבעטער צייטונג". אין עטלעכע וואָכן אַרום נאָך דעם „פּאַרטיי־טאָג" האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין אַן אומפּאַרטייאישע פּריוואַטע צייטונג „דער מאָרגנשטערן", רעדאַקטירט פון דעם סאָציאַל־דעמאָקראַט דר. בראַסלאַווסקי, אַרויס־געגעבן פון אפרים לאָנדאָן (דער פֿאָטער פון מאיר לאָנדאָן). די צייטונג איז געווען אַ סאָציאַליסטישע, זי האָט אָבער געגעבן פּלאַץ אויך פאַר אַנאַרכיסטישע אַרטיקלען. י. קאָפּעלאָוו האָט זיך דאָרטן ווייטער אַרומגעקריגט מיט די סאָציאַ־ליסטן. „די סאָציאַליסטן, — דערציילט קאָפּעלאָוו (דאָרטן, זייט 254), — זענען ניט געווען צופרידן וואָס „דער מאָרגנשטערן" דרוקט אַרטיקלען פון אַנאַרכיסטן, זיי זענען דעריבער אָנגעגאַנגען מיט זייערע צוגרייטונגען פאַר אַן אייגענעם אָרגאַן.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן געגרינדעט די „אַרבעטער צייטונג פּאָבלישינג אַסאָסיאיישאָן" און אָנגעהויבן שאַפן דעם פאָנד פאַר דער צייטונג.

מען האָט אויסגעקליבן אַ קאָמיטעט, וואָס זאָל זאַמלען דאָס געלט. אין קאָמיטעט זענען אַריין: ב. וויינשטיין, מ. הילקאָוויץ (הילקוויט), ל. מיללער, אַב. קאַהאַן און ק. אַפּענהיים. מען איז געגאַנגען פון שאַפּ צו שאַפּ. מען האָט אויך אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלע טעאַטער־פאָרשטעלונג אין דער „רומעניען אָפּערע הויז". אָט די פאָרשטעלונג האָט אַריינגעבראַכט איבער 400 דאָלאַר. אָבער די הויפּט־שטיצע פאַר דער צייטונג איז געקומען פון די דייטשע יוניאָנס. די דייטשן האָבן דעמאָלט געהאַט שטאַרקע און רייכע אָרגאַניזאַציעס. צו די דייטשע אַר־

---

1) ב. וויינשטיין, „40 יאָר אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג", זייט 119.

2) קאָפּעלאָוו, „אַמאָל אין אַמעריקע", זייטן 52—250.

בעטער זענען נעגאַנגען ב. וויינשטיין און ק. אָפּענהײם, וועלכער איז געווען א דייטשער איד. די דייטשע יוניאָנס — און עטלעכע ענגלישע יוניאָנס — האָבן בייגעשטייערט פאַרן פאָנד אַרום 1000 דאָלאַר. אַלס רעדאַקטאָר פון דער צייטונג האָט מען איינגעלאַדן פיליפּ קראַנצן, וועלכער האָט זיך דאַן געפונען אין לאָנדאָן. קראַנץ האָט די איינלאַדונג אָנגענומען, און אין אָנהויב פעברואַר 1890 איז ער שוין געווען אין ניו יאָרק. די סאָציאַליסטן האָבן אויסגעקליבן קראַנצן דערפאַר, וואָס ער איז געווען באַקאַנט אַלס א פּרינציפּעלער סאָציאַל־דעמאָקראַט. אָבער די וויכטיקסטע סיבה פאַרוואָס מען האָט איינגעלאַדען קראַנצן איז געווען דאָס, וואָס ער איז געווען רעדאַקטאָר פון לאָנדאָנער „אַרבעטער פריינט", וועלכע איז אַרויס־געגעבן געוואָרן פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און אַנאַרכיסטן. מיט איינלאַדן קראַנצן אַלס רעדאַקטאָר האָט מען געוואָלט צוציען צו דער „אַרבעטער צייטונג" יענע עלעמענטן, וואָס האָבן געוואָלט איין צייטונג פאַר דער גאַנצער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.1)

די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן זיך שטאַרק געגרייט צו דער צייטונג. זיי זענען געגאַנגען אין די שעפּער און גערעדט צו די אַרבעטער. זיי האָבן אויך פאַרשפּרייט אַן אויפרוף וועגן דעם אַרבעטער־אָרגאַן.

שוין, איידער די צייטונג איז אַרויס, זענען צווישן די פירער אַנטשטאַנען חלוקי־דעות וועגן איר כאַראַקטער. אב. קאַהאַן האָט געוואָלט האָבן א לייכטע, פּאָפּולערע צייטונג, געשריבן פּשוט און פּראָסט. אים איז ניט געפעלן געווען דער לאָנדאָנער „אַרבעטער פריינט", וואָס קראַנץ האָט רעדאַגירט, ווייל דאָס איז גע־ווען א טרוקענע צייטונג. קאַהאַן האָט אויך געוואָלט לייכטע פעליעטאָנען.

דער ערשטער נומער פון דער „אַרבעטער צייטונג" איז דערשינען דעם 7טן מערץ 1890.

אַט איז דער קאָפּ:

די
אַרבייטער צייטונג

The Workman's Paper — Die Arbeiter Zeitung

דיא באַפרייאונג פון די אַרבייטער איז די זאַכע דער אַרבייטער זעלבסט (רעזאָ־לוציאָן פון אינטערנאַציאָנאַל).

די צייטונג איז באַשטאַנען פון 4 זייטן, 5 שפּאַלטן אויף א זייט. אין דעם ערשטן שפּאַלט איז אָפּגעדרוקט די פּראָגראַם פון דער צייטונג. אין דעם אַרטיקל ווערט געזאָגט, אַז די אויפגאַבע פון דער צייטונג איז אויפצובויען א געזעלשאַפט אויפן גרונט פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט און „אָנשטאָט די היינטיקע קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט, וועלכע איז באַגרינדעט אויף פאָלקס־אונטערדריקונג, פאָלקס־אַרמוטה און געגענזייטיגען קריעג". ווייטער ווערט גע־זאָגט, אַז די אַרויסגעבער זענען רעוואָלוציאָנערן, אינטערנאַציאָנאַליסטן, דעמאָ־קראַטן און עוואָלוציאָניסטן. די אַרויסגעבער האָבן געגלויבט, אַז סאָציאַליזם וועט פאַרווירקלעכט ווערן דורך א רעוואָלוציע אָדער דורך געוואַלט, גלייכצייטיק האָבן זיי אָבער געגלויבט אין רעפאָרמען, ווייל סאָציאַליזם קאָן אַרויסוואַקסן פון רעפאָרמעס. אין דעם ערשטן נומער איז אויך פאַראַן א דרשה איבער דער פּרשה פון דער וואָך, אונטערגעשריבן „דער פּראָלעטאַרישקער מגיד", אַן אַר־טיקל „איבער די ווילדע פון אַפריקע", אַן אָפּטיילונג „קאַפּיטאַל און אַרבעט" און נייעס. לײדער קאָנען מיר ניט שרייבן אויספירלעך וועגן דעם ערשטן נומער, ווייל דער עקזעמפּליאַר, וואָס מיר האָבן באַנוצט (אין דעם יידאָפּטייל פון דער נ. י. ביבליאָטעק) געפינט זיך אין א שלעכטן צושטאַנד.

עס פעלט די אונטערשריפט אויף דעם פּראָגראַם־אַרטיקל און וועגן די „ווילדע פון אַפריקע". עס איז אָבער באַקאַנט, אַז די פּראָגראַם איז געשריבן פון פיליפּ קראַנצן און דער אַרטיקל — פון אב. קאַהאַנען.

די אַנאָנסן־אָפּטיילונג דערציילט וועגן בעלער פון די „יידישע סאָציאַליסטן.

1) אב. קאַהאַן, „בלעטער פון מיין לעבן", באַנד 3, ז. 20.

■ NEWS SECTION THE NORTH AMERICAN NEWS SECTION

142D YEAR. No. 41 ▪ PHILADELPHIA, WEDNESDAY, OCTOBER 30, 1912—COPYRIGHT, 1912, BY THE NORTH AMERICAN COMPANY 18 PAGES ONE CENT

# א דאָקומענט פון מענשענרעכטע.

דער פראָגרעסיווער פלאטפאָרם וואָס איז אנגענומען געוואָרען אין שיקאָגאָ מיט א פאָר מאָנאטען צוריק ביי דיא וואשינגטאָן פארטיי איז דער ערהאבענסטער דאָקומענט וואָס איז ווען אנגענומען געוואָרען ביי א פאָליטישער פארטיי. דאָס איז אין איינינערמאסען א צווייטער תורת משה וועלכער פרעדיגט יושר, עהרליכקייט, גערעכטיגקייט און מענשליכע רעכטע פאר יעדען מענשען אגאל אויף דיזער שעהנער וועלט.

דער פראָגרעסיווער פלאטפאָרם פרעדיגט צו באשיצען יעדען מענשען וויא אויך מענשליכעס איינענטהום. עס רעוואָלוציאָניזירט דיא לעהרע פון אנדערע פארטיי פלאטפאָרמען, ידערמיט וואָס עס שטעלט העכער דיא מענשליכע לעבענס אלס דאס מענשליכע איינענטהום. עס ציעליוועט אויפצובעווארען דיא מענשליכע כחות צוגלייך מיט די נאטירליכע רייכטהימער פון לאנד אזוי אז דאס מענשליכע לעבען זאָל אימער געניסען פון דיא פערגעניגען וואָס גאָט האָט בעשאפען אויף דער שעהנער וועלט.

דער צענטראלער געדאנג פון דער פראָגרעסיווער פלאטפאָרם, דער נקודת המטרה, איז צו פערשטארקען דיא מענשליכע ראסע. דער פראָגרעסיווער פלאטפאָרם זאָגט ארויס אין קלאָהרע דבורים דיא וויכטיגקייט פון דיא ערציהונג פון אונזער קומענדען דור. דיא גרעסטע פפליכט פון יעדען רעכט דענקענדען בירגער אין אמעריקא איז צו זאָרגען אז דער צוקינפטיגער דור וועלכער דארף איבערנעהמען דיא לייצעס פון אונזער רעגיערונג אין זיינע הענד, זאָל זיין א דור פון געזונדע, ענטוויקעלטע גייסטער און קערפערס, פון מענער און פרויען וואָס זאָלען זיין אימשטאנדע צו ברייננען דיעזעס לאנד צו דער העכסטער שטופע פון גליק און צופריעדענהייט.

און אזוי געפינען מיר אין דעם פראָגרעסיווען פלאטפאָרם דעם ערהאבענעם פרינציפ פון אבשאפען דיא קינדער ארבייט, און פארקירצען דיא ארבייטס־שטונדען פון מענער און פרויען.

דאָס מיינט דיא אבשאפונג פון שקלאפעריי פון דיא צעהנדליגע טויזענדע קליינע קינדער וואָס שקלאפען אין דיא קויהלען מיינס אין פענסילווייניא, און וואָס האָבען קיין רוהע ניט ביי טאג און ביינאכט אין דיא קאטאָן מיללס, און אין דיא אנדערע פאבריקען וואָס ווערען קאנטראָלירט ביי דיא רייכע מאגנאטען, דיא טראסטס. עס מיינט אבצושאפען דיא נאכט ארבייט פון דיא פרויען, דער שוואכערער געשלעכט און גיבען דיא ארימע פרויען א געלעגענהייט זיי זאָלען קענען רוהען ביינאכט.

מר. רוזוועלט, זייענדיג דער ערשטער פרעזידענט וואָס האָט ערקלעהרט קריעג דיא רויבערישע טראסטס, האָט פערקערפערט אין דעם פראָגרעסיווען פלאטפאָרם א פרינציפ וועלכער מיינט אוועקצונעהמען דיא מאכט פון דיא פאָלקס אויסבייטלער און אבגעבען דיא רעגיערונג אין דיא הענד פון פאָלק.

און דיעזער פרינציפ ווערט ערקלעהרט אין גאנץ קלאָהרע דבורים אין דעם פראָגרעסיווען פלאטפאָרם דורך דעם איניציאטיוו, רעפערענדום און ריקאָלל. עס מיינט אז ווען נייעצע ווענען דארפען געמאכט ווערען, וועלען זיי געמאכט ווערען דירעקט פון פאָלק. דאָס פאָלק וועט זיך מעהר ניט פערלאָזען אויף זיינע פארשטעהער אין לעגיסלייטשור און אין קאָנגרעס, מאנכע פון וועלכע פארשטעהער מאכען חבר־לאָס מיט דיא רויבערישע טראסטס און פערראטהען דיא אינטערעסען פון פאָלק, וועלכע האָבען זיי עלעקטעד. עס מיינט אז ווען א געזעץ וועט דארפען אנגענומען ווערען אין לעגיסלאטור אדער אין קאָנגרעס וואָס קען פיעלייכט שאדען טהון דער גרויסער מאסע בירגער, וועט דאָס פאָלק האָבען א רעכט דורך דעם שטים־קאסטען צו ענטשיידען אויב דאָס געזעץ זאָל אנגענומען ווערען אדער ניט.

און נאָך מעהרער. דיא פאָלקס רעגיערונג וועט אנגעפיהרט ווערען פונקט וויא אלע אנדערע געשעפטען. ווען א ביזנעסמאן נעהמט צו א קלוירק און דער קלוירק פערנאכלעסיגט זיינע פפליכטען ווערט ער ענטזאגט פון זיין שטעלע און אן אנדערער, א פעהיגערער קלוירק פארנעהמט זיין שטעלע. דאָס זעלבע וועט אויך זיין מיט דער פאָלקס־רעגיערונג ווען עס וועט אנגענומען ווערען דער פרינציפ פון „ריקאָלל". דאָס פאָלק, וועט צו יעדער צייט קענען ארונטערזעצען פון אמט יעדען עלעקטירטען בעאמטען אויב ער וועט ניט נאכקומען זיינע פפליכטען צום פאָלק. דער „ריקאָלל". וועט זיין א בייטש איבערן קאָפּ פון דיא קארופטירטע אפישעלס וואָס ווערען קאנטראָלירט בייא דיא פאָליטישע באסעס אדער ביי דיא טראסט מאגנאטען.

עלליס איילענד

ווילסאן

ווילט איהר האבען אזא פרעזידענט?

## אויסצוג פון רוזוועלטס רעדע אין מילוואָקי אין דער נאכט ווען ער איז ערשאסען געוואָרען.

דער פיהרער פון זיין צייט, עס מאכט ניט אויס וועד ער זאָל ניט זיין, איז מעהר ניט וויא א אינסטרומענט וועלכער ווערט געברויכט אויף א שטיקעל צייט און נאכדעם ווערט ער אוועקגעווארפען. און אויב ער איז אמעס מיט אמת׳ער ליעבע און אכטונג פאר זיין פאָלק, וועט ער זיך ניט מעהר קימערען וועגען זיך, פונקט וויא א איבערגעבענער סאלדאט קימערט זיך וועניג וועגען זיין לעבען ווען עס האנדעלט זיך אום צו רעטען דיא עהרע פון זיין לאנד און זיין פאָלק.

אין דעם לאנגען קאמפף פאר גערעכטיגקייט איז אונזער מאטא פאָלגענדע: „נוצט אויס די געלעגענהייט און ווערט אליין פערנוצט." עס מאכט וועניג אויס אויב מיר פערלירען אדער מיר זיינען ערפאלגרייך. די הויבט זאך איז אונזערע פרינציפען זאָלען געווינען ווייל מיר קעמפפען פאר דיא פרינציפען פון דער מענשהייט."

## וואָס רוזוועלט

[illegible]

עסענוואַרג און מעדיצין וואָס ווערט פאבריצירט ביי גרויסע קאמפאניס און וועד־

ווילסאָן האָט איינגעטהון פאר דעם בענעפיט פון דעם פאָלק. איבערהויפט פאר די ארימע קלאסען. מר רוזוועלט פיהלט דעם שמערץ פון דעם אונטערדריקטען. ער איז אליין געבוירען און ערצויגען געוואָרען אין דער שטאָט ניו יאָרק, אין הארץ פון גרייטער ניו יארקער געגענד און איז בעקאנט מיט דעם ארימען לעבען. עס בלייבט דארום איבער פאר אונז איידען צו אונטערשטיצען דעם מאן וועלכער האָט דיא אינטערעסען פון יעדען אונטערדריקטען טיעף איינגעבאקען אין הארצען.

## לאָקאלע נאָטיצען

אייק ראָזענבערג פון 15טען דיוויזשען ערשטען וואָרד האָט בעשלאָסען אז דער זיעג פון דער רוזוועלט פארטיי אין זיין דיוויזשען מוז זיין פיעל גרעסער ווי לעצ־

דער 6טער דיוויזשען פון 2טען וואָרד האָט איין דאס ניי אנגעפאנגען צו פייטען דיא געגנער. דיא וואוטערס פון דעם 6טען דיוויזשאָן האָבען איינגעזעהן דיא גרויסע נוצען וואָס עס וועט ברייגנען די פראָגרעסיווע פארטיי און דארום האָבען זיי זיך ענטשלאָסען צו שטימען פאר רוזוועלט אין היירעס דיוויזשאָן אויף׳ן פראָגרעס טיקעט.

•

א טהעטיגער קעמפיין פון דער וואשינגטאָן פארטיי ווערט אויפגעפיהרט אין דעם 5טען וואָרד. דיא פראָגרעסיווע ליעדערס פון יענעם וואָרד האָבען גענומען העדקוואָרטערס אין דיא 4טע סטריט, נעבען פיין סטריט, וואו עס ווערען אבגעהאלטען מיטינגס כמעט יעדען אבענד.

•

דיא אינדעפענדענט סיטיזען קלוב פון ערשטען און 39טען וואָרד, האָבען

# פראָגרעסיווער פלאַטפאָרם

פרינציפען ערקלעהרונג פון דער פראָגרעסיווער פארטיי

אין א צייט פון שווערע נאציאנאלע פראָבלעמען האָט דאס געוויסען פון פאָלק אינס לעבען גערופען א נייע פארטיי. א פארטיי געבוירען פון דעם פאָלקס ערוואכטען זין פון גערעכטיגקייט. מיר פארשטעהער פון דער פראָגרעסיווער פארטיי איבערגעבען זיך הייליג צו ערפילען דיא פפליכט וואָס אונזערע פאטערען האָבען אונז איבערגעלאָזען, אויפצוהאלטען דיא רעגיערונג פון דעם פאָלק, ביי דעם פאָלק, פיר דעם פאָלק, דעם פונדאמענט וועלכען זיי האָבען בעגרינדעט.

מיר האלטען מיט טהאמאס דזשעפערסאָן און איבראהאם לינקאָלן דאס דיא קאנסטיטוציאָן געהערט צום פאָלק; אז דאָס פאָלק דארף אויספיהרען איהרע צוועקען אין זי בעשיצען פון דיא יעניגע וועלכע פרובירען איהר אויסניצען אלס איין אינסטרומענט פון אונגערעכטיגקייט. אין יעדער גענעראציאָן דארף דאָס פאָלק אויסנוצען זיינע קרעפטען צו עטאבלירען און אויפהאלטען גלייכע רעכטע און איינרוסטריעלע גערעכטיגקייט, זאבען פיר וועלכע דיעזע רעגיערונג איז געגרינדעט געוואָרען און אהן וועלכער קיין רעפובליק קען ניט עקזיסטירען.

דיעזעס לאנד בעלאנגט צו דיא מענשען וואָס וואָהנען דארין. איהרע רייכטהימער, איהרע געשעפטען, איהרע אנשטאלטען און איהרע געזעצע זאָלען געברויכט, אויפגעהאלטען אדער געגרינדעט ווערען לויט וויא עס וועט צום בעסטען דיענען דיא אלגעמיינע אינטערעסען פון פאָלק.

עס איז שוין צייט אז דיא [illegible] אינטערעסען זאָלען פערטעהיגט [illegible] ערשטען פלאץ.

## דיא אלטע פארטייען.

פאָליטישע פארטייען עקזיסטירען צו פערזיכערן פעהיגע רעגיערונג און אויסצופיהרען דעם ווילען פון פאָלק.

פון דיעזע גרויסע פפליכטען האָבען זיך ביידע אלטע פארטייען אוועקגעקערט אנשטאט צו זיין אינסטרומענטען פיר די אויסבעסערונג פון פאָלקס אינטערעסען. זיינען זיי געוואָרען ווערקצייגע אין דיא הענד פון קארופטע לייטע וועלכע ניצען זיי ביידע אויס פאר זייערע איינענע צוועקען. הינטער דער בלויזער רעגיערונג זיצט אויף׳ן טהראָן א באַהאלטענע רעגיערונג וועלכע איז ניט שולדיג קיין איבערגעבענהייט צום פאָלק און וועלכער אנערקענט ניט די רעכטע פון פאָלק.

צו פערהינדערען דיעזע פערבאַרגענע רעגיערונג, צו פערניכטען דעם אונהייליגען אליאנץ צווישען קארופטע ביזנעס און קארופטע פאָליטיקס, איז דיא גרעסטע אויפגאבע פון דיא שטאאטסמענער פון היינטיגען טאג.

וועגען דעם פערראטה פון דער [illegible] ליקאנער פארטיי אין דער אינטערעסע[illegible] פון דער דעמאָקראטישער פארטיי צו [illegible]

אַ זייט אין דער יידישער אויסגאַבע פון פילאַדעלפיער „נאָרט אַמעריקען", אָקט. 30, 1912.

צו ד. ב. טירקעלס אַרטיקל „יידיש אין דער אַמעריקאַנער פרעסע".

עס ווערן אויך אַנאָנסירט די פאָלגנדע יידישע סאָציאַליסטישע בראָשורן: 1. הגדה של פסח (על פי נוסח חדש), 5 סענט. 2. לאַפּאַטינס לעבנסבאַשרייבונג און דער פראָצעס פון 21 ניהיליסטן 5 ס. 3. פון וואַנען שטאַמט דער מענטש? 5 ס. 4. ווי קומט אַ יוד צו סאָציאַליזמוס 5 ס. לאַסאַלס ארבייטער־פּראָגראַם 5 ס. 6. פון וואָס איינער לעבט 5 ס.

„דיא ארבייטער צייטונג" איז געווען אַ סאָציאַליסטישער אָרגאַן. די צייטונג האָט אויסגעדריקט די אידעאָלאָגיע פון דער „סאָציאַליסטישער ארבעטער פּאַרטיי", די גרעסטע אַמעריקאַנער אַרבעטער פּאַרטיי אין יענער צייט. בעת די וואַל־קאַמפּאַניעס האָט „די אַרבייטער צייטונג" גערופען אירע לייענער זיי זאָלן גיין צום שטימקאַסטן און שטימען פּאַר די קאַנדידאַטן פון איר פּאַרטיי.

ווי אַזוי וועט דער סאָציאַליזם קומען? דורך עוואָלוציע? דורך רעוואָלוציע? דאָס איז געווען אַ ברענענדיקע פראַגע פאַר דער „ארבייטער צייטונג". מ. הילקאָוויץ האָט אויף דער טעמע געשריבן זייער פּיל. אין נומער 11 (ערשטער יאָרגאַנג) האָט ער פּאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל, וואו ער שרייבט, אַז אין דער איצטיקער געזעלשאַפט האָבן מיר שוין עלעמענטן פון קאָמוניזם. טויזנטער אַרבעטער אַרבעטן אויף איין פאַבריק. די סחורה ווערט פּראָדוצירט אויף אַ קאָמוניסטישן אופן. עס איז, דעריבער, אַן אומרעכט וואָס די פּראָדוקטן זאָלן געהערן צו איינצלנע מענטשן. די צאָל מענטשן, וואָס האָבן אייגנטום, ווערט קלענער און די צאָל אַרבעטער ווערט גרעסער. עס וועט קומען אַ טאָג, ווען דאָס גאַנצע אייגנטום פון פאָלק וועט זיך אומקערן צום פאָלק.

אין נומער 7 (1890) שרייבט הילקאָוויץ אַן אַרטיקל „וואָס הייסט רעוואָלוציאָן?" ער דערקלערט, אַז מענטשן שטעלן זיך געוויינטלעך פּאַר, אַז אַ רעוואָלוציע מיינט בלוט פאַרגיסן און מלחמה. אָבער די בעסטע און איידלסטע מענטשן, די רוסישע ניהיליסטן, די פראַנצויזישע קאָמונאַרן, זענען געשטאָרבן מיט די ווערטער: „עס לעבע די רעוואָלוציאָן". הילקאָוויץ פרעגט צי עס איז מעגלעך, אַז אַט די אידעאַליסטן האָבן געשריען „עס לעבע דאָס רויב, מאָרד אָדער בלוט־פאַרגיסונג". אַן דעם וואָרט „רעוואָלוציאָן" איז ניטאָ דער מינדסטער געדאַנק וועגן בלוט פאַרגיסן און עס קאָנען פּאָרקומען רעוואָלוציעס אָן בלוט־פאַרגיסונגען. די רעוואָלוציע שאַפט אָפּ אַלטע, אָפּגעלעבטע זאַכן און אינסטיטוציעס און אויף זייער אָרט באַשאַפט זי אינסטיטוציעס, וואָס זענען ניי, פריש און נוצלעך. אין דער איצטיקער צייט אַנטוויקלט זיך אַ מעכטיקער פּראָלעטאַריאַט, וואָס וועט פאָדערן פון די קאַפּיטאַליסטן די פּרוכט פון זייער אַרבעט — אַלע רייכטימער פון דער וועלט. אויב די קאַפּיטאַליסטן וועלן ניט אָפּגעבן מיט גוטן — וועלן זיי צווינגען די אַרבעטער צו פאַרגיסן בלוט. די סאָציאַליסטן שאַפן ניט די רעוואָלוציע, נאָר די קאַפּיטאַליסטן פירן צו אַ רעוואָלוציע. די רעוואָלוציאָנערן באַדויערן יעדן טראָפּן בלוט, וואָס ווערט פאַרגאָסן. דער קאַמף צווישן מענטש און מענטש איז אומנאַטירלעך(!) און וועט דעריבער ניט דויערן לאַנג. דערנאָך וועט קומען אַ צייט פון פרייהייט און גלייכהייט.

אין אַן אַרטיקל אין נומער 3 (ערשטער יאָרגאַנג) שרייבט פּיליפּ קראַנץ, אַז דער סאָציאַליזם וועט קומען ניט דערפּאַר, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטן ווילן דאָס, נאָר דערפאַר, וואָס דער גאַנג פון דער ציוויליזאַציע וועט ברענגען סאָציאַליזם. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן פאָדערן פאָלקס־הערשאַפט אָנשטאָט קלאַסן־הערשאַפט, און פאָלקס־הערשאַפט מיינט אַלגעמיינע פרייהייט, גלייכהייט און צופרידנהייט. פאָלקס־שטאַט באַדייטעט די אָרגאַניזירטע מאַכט פון פאָלקס־הערשאַפט און פאָלקס־רעגירונג מיינט נאָר די עקזעקוטיווע מאַכט פון פאָלקס־שטאַט — „אָדער אַזוי צו זאָגן די האַנט פון געזעלשאַפטלעכן קערפּער".

אין אַן אַנדער אַרטיקל אין (נומער 35, 1890) שרייבט דער זעלבער פּיליפּ קראַנץ, אַז דער הויפּט־צוועק פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז צו פאַרשפּרייטן וויסן צווישן די אַרבעטער. מען דאַרף אַרבעטן ביז דעם ענדגילטיקן זיג פון פּראָלעטאַריאַט. קראַנץ האַלט (נומער 9, 1891) אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן

שוין אַ סך אויפגעטאָן — זיי האָבן צעבראָכן די אָפּגעזונדערקייט פון די אַרבעטער און עס איז צווישן זיי אויפגעקומען איינעקייט.

פון אָט די און ענלעכע אַרטיקלען זעען מיר, אַז „דיא אַרבייטער צייטונג" איז געווען דורכגעדרונגען מיט די אידייען פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. די שרייבער האָבן געהאַלטן, אַז דער סאָציאַליזם וועט מוזן קומען ווייל אַזוי איז דער גאַנג פון דער ציוויליזאַציע; אַ רעוואָלוציע וועט מען דאַרפן מאַכן בלויז ווען די קאַפּיטאַליסטן וועלן צווינגען די אַרבעטער דאָס צו טאָן. מען דאַרף פאַרשפּרייטן וויסן צווישן די אַרבעטער, כדי זיי זאָלן וויסן וועגן דער ראָלע, וואָס זיי שפּילן אין דער וועלט. דער סאָציאַליזם וועט אָבער קומען דורך דער פאַראייניקונג פון די אַרבעטער. אָט דאָס מיינט, אַז די אַרבעטער דאַרפן זיך ניט פאַרלאָזן אויף דעם גאַנג פון דער ציוויליזאַציע — נאָר זיי דאַרפן צולייגן אַ האַנט.

„דיא אַרבייטער צייטונג" האָט געקעמפט פאַר פאַרבעסערונגען פון דער לאַגע פון די אַרבעטער און ניט וואַרטן ביז די רעוואָלוציע וועט עס טאָן, ווייל וואָס „בעסער איז בעסער" און וואָס „ערגער איז ערגער". הונגעריקע מענטשן זענען ניט קיין מאַטעריאַל פאַר דער רעוואָלוציע. טרעמפּס קאָנען ניט מאַכן קיין רעוואָלוציע נאָר אָרגאַניזירטע אַרבעטער (נומער 11, 1890).

„דיא אַרבייטער צייטונג" האָט זייער שטאַרק געשטיצט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג. פּראָבלעמען פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג פאַרנעמען דאָרטן אַ גרויסן פּלאַץ. יעדער נומער איז פול מיט נאָטיצן, באַריכטן און נייעס וועגן די יוניאָנס. אין דער צייט פון סטרייקס פלעגט „דיא אַרבייטער צייטונג" אָפּגעבן זייער פיל פּלאַץ פאַר אַרטיקלען און נייעס וועגן סטרייק. זי פלעגט שטאַרק אויפמונטערן די סטרייקער און זיי רופן צום קאַמף. ספּעציעלע לידער וועגן סטרייק פלעגן געדרוקט ווערן אויף דער ערשטער זייט פון דער צייטונג.

פיל פּלאַץ האָט די צייטונג אויך אָפּגעגעבן דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. עס זענען דאָרטן פאַרעפנטלעכט געוואָרן באַריכטן פון אויסלענדישע סאָציאַליסטישע קאָנגרעסן און צוזאַמענפאָרן. אָבער די אַלגעמיינע אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע ווערט אויך ניט פאַרשוויגן. מיר געפינען דאָרטן, חוץ נייעס, אויך לאַנגע אַרטיקלען וועגן די פּראָבלעמען פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־שאַפט.

אַ באַזונדערס וואַרימע באַציאונג האָט „דיא אַרבייטער צייטונג" געהאַט צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד.

די יידישע פראַגע, סיי אין אַמעריקע, סיי אין אייראָפּע, ווערט ברייט באַהאַנדלט. יעדער אַנטיסעמיטישער אַרויסטריט אין אַמעריקע ווערט גלייך אָפּגעענטפערט. די צייטונג האָט געהאַלטן, אַז געוויסע רעפאָרמעס וועלן פאַרלייכטערן דאָס יידישע לעבן — וועט אָבער די יידישע פראַגע פאַרענטפערט ווערן מיטן ענדגילטיקן זיג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

ביים אַריינטריט פון דער „אַרבייטער צייטונג" אין צווייטן יאָר האָט פיליפּ קראַנץ געמאַכט אַ סך פון אירע אויפטואונגען. לויט זיין מיינונג איז די גרעסטע דערגרייכונג די גרינדונג פון „די היברו לייבאָר פעדערייישאָן" און די פאַרשטאַרקונג פון די פאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן. אַ גרויסער אויפטו פון דער צייטונג איז געווען וואָס זי האָט געשטיצט די אַרבעטער בעת די סטרייקס. „דיא אַרבייטער צייטונג" האָט זייער פיל געגלויבט אין סטרייקן. חוץ דעם וואָס אַ געוואונענער סטרייק מיינט העכערע שכירות, קירצערע שטונדן, איז נאָך וויכטיקער דער מאָראַלישער זיג. יעדער סטרייק איז אַ צייכן פון אומצופרידנהייט און קאַמפּסלוסטיקייט. עס איז אַ סימן פון ווידערשטאַנד און קאַמף צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל. דורך די סטרייקן וועט מען צוגעוואוינען דעם אַרבעטער צו דעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם און צו דעם „סטרייק הגדול" — די סאָציאַלע רעוואָלוציע (קראַנץ אין „אַרבייטער צייטונג" מאַי 16, 1890).

„דיא אַרבייטער צייטונג" איז ניט געווען בלויז אַ פּאָליטישע צייטונג. זי האָט אויך געדרוקט דערציילונגען, לידער, ראָמאַנען און פּאָפּולערע אַרטיקלען.

יעדע וואָך פּלעגט אב. קאַהאַן שרייבן אַ דרשה פון דער וואָך. אין אָט די דרשות פלעגט דער „פּראָלעטאַרישקער מגיד״ באַהאַנדלען טאָג־פראַגן אויף אַן אַלטמאָדיש־מגיד׳ישן שטייגער. די שפּראַך איז געווען פּשוט און פאָלקסטימלעך.

אָט זענען עטלעכע מוסטערן פון זיינע דרשות:

„היינט האָבן מיר צוויי סדרות אויף איין מאָל און ביידע טויגן אויף כפרות. ביידע זענען פול מיט געשווירן, מיט וואונדן און מיט פּאַסקודסטוואָ. אין ביידע טרייבט מען דעם חולה צו דעם כהן גדול און אין ביידע ווייס דער כהן גדול פון די געשווירן ווי די געשווירן ווייסן פון אים. און פונדעסטוועגן מוז מען אים פאַר זיינע רעצעפּטן באַצאָלן מיט שעפּעלעך, מיט טייבעלעך, מיט בוימעל, מיט זעמעל מעל. הקיצור ער מאַכט אַ לעבן״. („אַרבייטער צייטונג״ נומער 8, 1890).

אָט איז אַ מוסטער פון נומער 11 (1890):

„אָבער אָט איז די היינטיקע סדרה אין כעס! הערט ווי זי בייזערט זיך, און שילט און קריצט מיט די ציין און טאָראָפּאָצעט מיט די פיס און גלאָצט מיט די אויגן! הערט נאָר וואָס עס טוט זיך. זי וועט באַפעלן אַ שרעקנס. זי וועט שיקן אַן אויסצערונג, וואָס וועט פאַרדאַרבן די אויגן. זי וועט אייך אַריינשליידערן אַ נכפה אין האַרצן, אַ בראַנד אין דיביינער, אַ פינצטערניש אין מאָגן, אַ זיבן־גאָרנדיקע מה אונטערן פּאַכווע, זי וועט בראָטן און ברענען...״

און נאָך איין מוסטער אין נומער 13 (1890):

„מיר קאָנען דעם רב הכולל אָפּגעבן אַ ברייטן מזל טוב, מיט די נייע קאָפּ־דרעענעישן אין אונזער פאַר־שטאַוו־פייפטן קוואַרטל. איך קאָן אייך פאַרזיכערן, מיסטער רב הכולל, אַז איצט וועלן די חברה כלי קודש קאַפּעלוש שליח ציבולני־קעס אייך לאָזן צורו. איר קאָנט איצט דרשנ׳ענען מתוק מזפת׳דיקער זאָגעכצן ווי אַמאָל, איר קאָנט מוליערן די באָבן מיט דעם איינקל מיט זייערע שאלות ותשובות. איר קאָנט באַשמידן גאַנץ חזיר־מאַרק עוועניו אין פּלאָמבעס, איר קאָנט פאַרפּלוכענען אונזער גאַנצע קהלה מיט נאָך טיפע פּאַלענעס און כאָלערישע וואָטער קלאָזעטן ווי די ישיבה, וועלכע איר אונטערשטיצט מיט אייערע דרשות און מיט אייערע פּשט׳לעך — וועט מען אייך ניט באַרירן״. (אונזער אָרטאָגראַפיע).

פון אָט די אויסצוגן קאָן מען מיינען, אַז „דיא אַרבייטער צייטונג״ האָט באַקעמפט רעליגיע. אין דער אמת׳ן האָט אָבער די צייטונג געהאַלטן, אַז רעליגיע איז אַ פּריוואַטע זאַך. אין דער „אַרבייטער צייטונג״ האָט מען שאַרף אָנגעריפן די אַנאַרכיסטן פון זייערע „יום כפור בעלער״ און פאַר זייער באַקעמפן רעליגיע.

אין דעם ערשטן נומער פון דער „אַרבייטער צייטונג״ האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אַ ראָמאַן אונטערן נאָמען: „דיא אייערנע מאַסקע״, איין היסטאָרישער ראָמאַן אויס דעם לעבען פון דעם קעניגליכן האָף אין פראַנקרייך, (פריי איבערזעצט אויס דעם פראַנצויזישען). אין דעם נומער 6 (1890) האָט מען אָנגעהויבן דרוקן אַ נייע זאַך דיא קליאַטשע, אָדער צער בעלי חיים, פאַרפאַסט פון גרעסטן זשאַר־גאָן שרייבער, ש. אַבראַמאָוויץ (מענדעלע מוכר ספרים״.1)

אין נומער 28 האָט מען אָנגעהויבן דרוקן אַ נייעם שונד־ראָמאַן „דער דע־טעקטיוו״ פון עמיל געבאַריא, איבערזעצט פון יעקב פּאַדאָלסקי.2)

וואָס ווייטער גיט „דיא אַרבייטער צייטונג״ בעסערע ליטעראַטור. אַזוי איז דאָרטן פאַרעפנטלעכט געוואָרן פ. קראַנצס איבערזעצונג פון פלאָבערס „סאַלאַמאַבאַ״, יעקב מילך האָט דאָרט פאַרעפנטלעכט אַן איבערזעצונג פון סמאָלענסקינס „קבורת חמור״, יעקב גאָרדין האָט דאָרטן געדרוקט דערציילונגען.

אויב די פּראָזע האָט זיך ניט אָנגעקערט מיטן לעבן פון די אַרבעטער און האָט ניט אַנטשפּראָכן די אידעאַלן און צילן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג

---

1) רעדנדיק וועגן דער ליטעראַטור אין דער „אַרבייטער צייטונג״ דערציילט אב. קאַהאַן (בלעטער פון מיין לעבן, באַנד 3, זייט 43), אַז ערשט אין נומער 17 איז פאַר־עפנטלעכט געוואָרן אַ קינסטלערישע זאַך, דאָס איז אַן איבערזעצונג פון סענקעוויטשן אָבער שוין אין נומער 6 האָט מען אָנגעהויבן דרוקן מענדעלעס „די קליאַטשע״.

2) פיליפ קראַנץ.

איז אָבער די פּאָעזיע פון דער „אַרבייטער צייטונג“ געווען אין גייסט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. עס איז אמת, אז די לידער זענען געווען זייער נאַאיוו און אומבאַהאָלפן. אָבער אַלע האָבן זיך אָפּגעגבן מיטן לעבן פון די אַרבעטער. די דיכטער האָבן געשריבן וועגן די ליידן פון די אַרבעטער און האָבן פּראָטעסטירט און גערופן צום קאַמף. לידער האָבן געשריבן דער מזלדיקער, ד. קאָהאַן, היימאַן סטרונסקי, מ. ראָזנפעלד, טרעבאָווער. הילקאָוויץ האָט אַ חוץ אָריגינעלע לידער אויך געדרוקט איבערזעצונגען פון העגריך היינע. דאָרטן זענען אויך פאַרעפנטלעכט געוואָרן איבערזעצונגען פון הערוועג און טאָמאַס הוד.

מיר וועלן דאָ ברענגען עטלעכע מוסטערן פון די אָרגינעלע לידער:

## דער אָפּערייטאָר

דעם גאַנצן לעבן נייט ער
איינגעבויגן אין דרייען איבער זיין מאַשין,
די הענט אויסגעצויגן
דער קאַרק איינגעבויגן.
עס נעמט אַרויס די אויגן
ווי אַ שפּאָן ווערט ער דין
עס דאַרט אים דער מוח
ער לייגט אַוועק זיין כוח
אויפן גביר דעם רוצח
ווי אַ פליג ביי אַ שפּין.
אין אַ רומקע ווי אַ נאַרע
שוויצן אַן עין הרעה
צוויי מנינים מענטשן אין היץ און אין שמוץ
פון 6 ביז 10 אַ קלאָק
אַ ראָק נאָך אַ ראָק
אַ קלאָק נאָך אַ קלאָק
און וואָס איז זיין נוטס?
ניט אַ סענט אין פּאַקעט
באַרוועס און נאַקעט
שפּאַצירן אויפן „חזיר־מאַרקעט“
דאָס איז גאָר זיין גוטס.

אב קאָהאַן, (נומער 17, 1890).
(אונזער אָרטאָגראַפיע).

שוין אין דעם צווייטן נומער (מערץ 14, 1890) האָט המנגן*) אַ ליד וועגן דער נאַטור, וואו ער זינגט וועגן דער נאַטור, דעם אַרבעטער און וועגן קאַרל מאַרקס:

די וועלט ערגלענצט אין נייער פּראַכט
און נייע האָפענונג פילט דאָס הערץ
די שלעפעריקע נאַטור ערוואַכט —
עס קומט דער פרילינגס מאָנאַט מערץ
פאַרשוואונדן זענען פרעסט און קעלט
די זון שיינט ווידער העל און וואַרעם
פון ניי לעבט אָפּ די גאַנצע וועלט
סיי אַלט, סיי יונג, סיי רייך, סיי אָרעם.
דאָך האָט דער מערץ ביים אַרבעטס קנעכט
אַ גאַנץ באַזונדער שטאַרקן קלאַנג
צום קאַמף פיר פרייהייט און פיר רעכט
ערוועקט ער אים ווי קריגס געזאַנג.
אין שטאָט פּאַריז האָבן זיך באַפרייט
אין מאָנאַט מערץ פון הונגער נויט
די אונטערדריקטע אַרבעטסלייט
און די קאָמונע אויך געבויט.
פאַרשוואונדן וואַר דער פאַלשער גלאַנץ
מיט איין מאָל אויף דער סענע טייך
פאַרוואונדן וואַר די אָרמוט גאַנץ
און אַלע וואַרען פריי און גלייך.
אין מאָנאַט מערץ, ניין יאָר צוריק,
האָט אויך דער רוסישער טיראַן
געוואָרפן איינעם לעצטן בליק
אויף זיין פערפלוכטן לעבנסבאַן.
פיל יאָרן לאַנג האָט ער געזייט
די שווערסטע צרות אויף זיין לאַנד
ביז אים האָט אָפּגעשטעלט דער טויט
דורך אַ באַגייסטערט העלדנהאַנט.
אין מאָנאַט מערץ, פאַר זיבן יאָר,
האָט מאַרקס פון לעבן זיך געשיידט.
זיין האַרץ וואַר ריין, זיין גייסט וואַר קלאָר
ביז צו דער לעצטער שעה פון טויט.
דעם אונטערדריקטן פאָלק האָט ער
אין קאַמף געגעבן נייע קראַפט;
ער האָט געשענקט דעם אַרבעטער
זיין שאַרפסטע שווערד — די וויסנשאַפט!
יעצט שמאַכט אין פראַנקרייך ווידען שאָן
אין שקלאַפעריי דער אַרבעטס מאַן;
אויף רוסלאַנדס בלוט באַפלעקטן טראָן
זיצט יעצט אַן אַנדערער טיראַן.
דאָס אַלעס, וואָס איין מאָנאַט מערץ
איז פאַר דעם אַרבעטער געשען.
וועט אימער טיף אין זיינען הערץ
מיט פלאַמענשריפט געשריבן שטיין.
מיט נייע קראַפט, מיט נייעם מוט

*) מ. הילקאָוויץ.

ווען ער ערהייבן זיך צום קריג, מאַרשירנדיק צו נייעם זיג.
דורך טייכן פון טיראַנען־בלוט (אונזער אָרטאָגראַפיע).

אין דעם נומער פון 18טן יולי 1890, איז אויך געדרוקט מאָריס ראָזנפעלדס א לענגערע פּאָעמע וועגן דער „רעוואָלוציאָן".

וועגן דעם יידישן טעאַטער האָט מען צום ערשטן ניט געשריבן אין דער „אַרבייטער צייטונג" הגם אַנאָנסן וועגן טעאַטער זענען דאָרטן געווען זייער פּיל. סיי די „אַרבייטער צייטונג" סיי די יוניאָנס האָבן געהאַט בענעפיט־פאָרשטעלונגען אין די יידישע טעאַטערס. הפּנים, אַז אַ צאָל לעזער האָבן געפאָדערט אַרטיקלען איבער דעם יידישן טעאַטער. מיר געפינען דעריבער אין דעם בריוו־קאַסטן (נומער 6, 1890) אַ זייער אינטערעסאַנטן ענטפער:

„געג. ס. טיפּאָגראַף: מיר קאָנען זיך ניט אָפּגעבן מיט טעאַטער קריטיק, ווייל די גרעסטע טייל פון די יידישע לעזער פאַרשטייען ליידער ניט וואָס ריכטיקע קריטיק איז און ווייל מיר ווערלן דעמיט אויך ניט בעסער מאַכן דעם יידישן טעאַטער. די מייסטע שטיקער, וואָס ווערן געוויינטלעך געשפּילט, זענען גאָרניט ווערט סעריעז קריטיקירט צו ווערן. די גאַנצע שולד ליגט אין דעם שלעכטן געשמאַק פון דאָס יידישע פּובליקום". (אונזער אָרטאָגראַפיע).

אין נומער 27 איז אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל איבער דעם צושטאַנד פון יידישן טעאַטער, גע'חתמ'ט „סמבטיון" (געצל זעליקאָוויטש). אין דעם אַרטיקל און אין נאָך צוויי אויף דער זעלבער טעמע קאָנסטאַטירט דער מחבר, אַז ווי טיף דער יידישער ראָמאַן איז געזונקען, איז די דראַמע געזונקען נאָך טיפער. אָבער שפּעטער האָט דער זעלבער „סמבטיון" געשריבן אָפּט וועגן נייע אויפפירונגען אין יידישן טעאַטער.

ווען מען האָט אין יידישן טעאַטער אויפגעפירט יעקב גאָרדינס דראַמע „סיביריא" איז אב. קאַהאַן אַרויס מיט אַ וואַרימען אַרטיקל און האָט באַגריסט גאָרדינען אַלס דעם יעניקן, וועלכער האָט גענומען אַריינברענגען אַ נייעם גייסט אין יידישן טעאַטער.

דער בריוו־קאַסטן, אָט די אינסטיטוציע אין דער יידישער פּרעסע, וואָס גיט אינפאָרמאַציע און וואָס האָט פאַרביטערט דאָס לעבן פון אַ סך יונגע יידישע שרייבער, איבערהויפּט אָנפאַנגער, האָט אויך פאַרנומען אַ פּלאַץ אין דער „אַרבייטער צייטונג". מען האָט דאָרטן געגעבן אינפאָרמאַציע וועגן דער אַרבעטער־באַוועגונג, וועגן סאָציאַליזם, און עס פאַרשטייט זיך, אַז מען ענטפערט דאָרטן אַ סך מענטשן, אַז זייערע כתבים קאָן מען "ליידער ניט דרוקן, ווייל זיי זענען ניט פּאַסיק"...

חוץ דעם בריוו־קאַסטן איז דאָרטן געווען אַן אָפּטיילונג פון שאלות ותשובות. אָט איז אַ מוסטער פון אַ פראַגע און אַן ענטפער:

„פראַגע: אויב די פאַרמערונג פון דער מענטשהייט ברענגט נוצן דער יעצטיקער געזעלשאַפט?"

„ענטפער: אין דער היינטיקער, קאַפּיטאַליסטישער, געזעלשאַפט קאָן יעדע פאַרגרעסערונג פון דער צאָל מענטשן ברענגען נוצן דעם קאַפּיטאַליזם". (אונזער אָרטאָגראַפיע.

די שפּראַך פון דער צייטונג איז געווען ריין, און ניט דייטשמעריש — הגם די אַרטיקלען האָבן פאַרמאָגט אַ שפּאָר ביסל דייטשישע ווערטער.

„דיא אַרבייטער צייטונג" האָט אויסגעפילט אַ באַדערפעניש אין יענער צייט. זי האָט דעריבער געהאַט פילע לייענער און סימפּאַטיקער. אין 1894 האָבן די אַרויסגעבער באַשלאָסן צו פאַרוואַנדלען זי אין אַ טעגלעכער צייטונג. מ'האָט אַרויסגעלאָזן אַן אויפרוף פאַר אַ פאָנד. אַזאַ פאָנד איז באַשאַפן געוואָרן און דעם 15טן אָקטאָבער 1894 איז אַרויס דער ערשטער נומער פון דער צייטונג. דער טעגלעכער אָרגאַן האָט געהאַט אַ נייעם נאָמען „דאָס אַבענדבלאַט". די זונטיק־אויסגאַבע פון „אַבענדבלאַט" האָט אָנגעהאַלטן דעם אַלטן נאָמען. פיליפּ קראַנץ איז געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון דעם „אַבענדבלאַט" און אב. קאַהאַן פון דער „אַרבייטער צייטונג".

אין 1897 איז „דיא אַרבייטער צייטונג" ליקווידירט געוואָרן.

ביבליאָגראַפיע:

ב. ווײַנשטײן, פערציק יאָר אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, ניו יאָרק, 1924.
ה. בורגין, געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, ניו יאָרק, 1913.
י. קאַפּעלאָוו, אַמאָל אין אַמעריקע, וואַרשע, 1926.
אב. קאַהאַן, בלעטער פון מײַן לעבן, באַנד 3, ניו יאָרק.

---

דוד בער טירקעל

# אידיש אין דער אַמעריקאַנער פּרעסע

דאָס איז געווען אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה, אין יענער צייט ווען רעגירונגען און פעלקער האָבן זיך געיאָגט צו געווינען די וועלט־מלחמה, כדי „צו מאכן די וועלט זיכער פאר דעמאָקראַטיע".

פּרעזידענט וואודראָו ווילסאָן, געוועזענער פּראָפעסאָר פון פּרינסטאָן אוני־ווערזיטעט, האָט אין זיינע אינגערע יאָרן געהאַט ניט קיין זייער געהויבענע מיי־נונג פון אימיגראַנטן, באַזונדער פון די, וואָס קומען פון מזרח און דרום אייראָפּע. אין זיין געשיכטע פון אַמעריקאַנישן פאָלק שרייבט ווילסאָן אַזוי:

„די אימיגראַנטן פון מזרח און דרום אייראָפּע, רוסלאַנד, פּוילן, אונגאַרן און איטאַליע, זענען די נידעריקסטע ברואים. — די כינעזער זענען מער געווינטשטע געסט, לכל הפּחות אַלס אַרבעטער, ווען ניט אַלס בירגער, ווי די מערסטע פון די דאָזיקע באַנדעס, וואָס קומען אין גרויסע מאַסן אין אונזערע מזרח פּאָרט־שטעט".

דער זעלבער היסטאָריקער איז אין יאָר 1912 געקומען צו די בירגער פון אויס־לענדישער אָפּשטאַמונג און געבעטן זייער שטימע, כדי דערוויילט צו ווערן פאַר פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. ער איז דערוויילט געוואָרן אַלס דעמאָ־קראַטישער פּרעזידענט.

אין משך פון זיין ערשטער אדמיניסטראַציע האָט אין אייראָפּע זיך צע־פלאַקערט די מלחמה. ווילסאָן, דער שרייבער פון געשיכטע, האָט אויך געוואָלט ווערן דער באַשאַפער פון געשיכטע. אים האָט זיך געוואָלט פאַרבלייבן כאָטש נאָך איין טערמין אין אַמט, און זיין „וואַכנדיק און וואַרטן" אויף דעם אויסגאַנג פון דער מלחמה. מיט דער הילף פון די שטימען פון די „באַנדעס" אויסלענדישע בירגער, איז ער אין 1916 דערוויילט געוואָרן אויף אַ צווייטן טערמין, און האָט אַריינגעשלעפּט דאָס אַמעריקאַנישע פאָלק אין דער וועלט־מלחמה.

די זעלבע „אויסוואָרפן־אימיגראַנטן", וואָס זענען דעם מלחמה־פּרעזידענט ניט געווען צום האַרצן אין 1902, ווען ער האָט געשריבן זיין געשיכטע, זענען געוואָרן גרויסע מיוחסים אין אַפּריל 1917, ווען אַמעריקע איז אַריין אין דער וועלט־מלחמה. מען האָט געדאַרפט האָבן דעם פאָלקס געלט, און נאַטירלעך אויך דאָס יידישע געלט. מען האָט געדאַרפט צושטעלן סאָלדאַטן פאַר די אַרמייען פון די אַלירטע און מען האָט רעקרוטירט די פאָלקס יוגנט, און נאַטירלעך, אויך די יידישע יוגנט.

האָט די אַמעריקאַנער פּרעסע געעפנט אירע קאָלומנען פאַר יידישער „פּוב־ליסיטי". וואָכן און חדשים לאַנג זענען דערשינען פּאַטריאָטישע אַרטיקלען אויף יידיש, אין דעם „ניו יאָרק איווניניג דזשורנאַל", אין „ניו יאָרק אַמעריקען", אין „פילאַדעלפיער לעדזשער" אין „אינקווייערער", אין „איווענינג בולעטין", און אין אַנדערע גרויסע אַמעריקאַנער צייטונגען איבערן לאַנד, וואו עס האָט זיך נאָר געפונען אַ באַדייטענדע יידישע באַפעלקערונג.

יידיש איז געוואָרן אַ גאַנגבאַרער אַרטיקל אין יענער צייט· פּלאַקאַטן און צירקולאַרן אין דער יידישער שפּראַך זענען געדרוקט געוואָרן אויף דעם חשבון

פון דער רעגירונג, און דורך דעם געלט פון א צאָל פּאַטריאָטישע אָרגאַניזאַציעס.

מען האָט געבעטען ביי יידן געלט; צו קויפן „ליבערטי באָנדס"; מען האָט געפאָדערט פון יידן די יוגנט, און אַלץ אויף דער שפּראַך, וואָס די „באַנדעס" אימיגראַנטן האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים.

דאָס איז אָבער ניט דער איינציקער פּאַל, ווען די יידישע שפּראַך איז אויס־גענוצט געוואָרן פאַר פּאָליטישע צוועקן פון לאַנד.

אין 1905 איז אין פילאַדעלפיע פאָרגעקומען א שפּאַלטונג אין דער רעפּוב־ליקאַנער אָרגאַניזאַציע. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם, וואָס די פילאַדעל־פיער שטאָט־טאַטעס האָבן געוואָלט „אָפּטאָן א שפּיצל" די בירגער פון שטאָט. און א „חלוקי דעות" איז ארויסגעקומען צווישן די פירער פון דער פּאַרטיי. די צוויי פראַקציעס האָבן אָנגעפירט א שטאַרקן קאַמף צווישן זיך. ווי דער מנהג איז, האָבן זיך די הויפּט־ענגלישע צייטונגען פון שטאָט אויך צעטיילט אין צוויי לאַגערן. יעדע פראַקציע האָט געהאַט אירע צייטונגען, כדי באַאיינפלוסן די ביר־גער. און ווי אַזוי עס קריסטלט זיך, אַזוי יידלט זיך. האָבן צוויי יידישע ציי־טונגען אין יענער צייט זיך אויך פאַנאַנדערגעגאַנגען אין זייערע מיינונגען און יעדע יידישע צייטונג האָט געקעמפּט פאַר איר צד.

די פּראָגרעסיווע פּאַרטיי, וואָס איז באַשטאַנען אויך פון רעפּובליקאַנער אָבער פון דעם „בעסערן עלעמענט" בירגער, וועלכע האָט משנים קדמוניות באַקעמפּט די פירער פון דער רעפּובליקאַנער אָרגאַניזאַציע, איז געשיצט געוואָרן פון דער איינציקער, אומאָפּהענגיקער צייטונג, דער „נאָרט אַמעריקען", וועלכע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דער דזשאָן וואַנאַמייקער פּאַמיליע*). די דאָזיקע צייטונג האָט אומאויפּערלעך געקעמפּט ניט נאָר קעגן דער דאָמינירנדער פּאַרטיי, נאָר אויך קעגן יעדן דעפּאַרטמענט פון דער שטאָט־רעגירונג, וואָס איז קאָנטראָלירט געוואָרן אין יענער צייט פון די רעפּובליקאַנער.

אין פילאַדעלפיע האָט אין דעם ערשטן צענדליק יאָר פון איצטיקן יאָר־הונדערט זיך שוין געפונען אַרום 200 טויזנט יידן, מערסטע פון זיי נאַטוראַ־ליזירטע אימיגראַנטן, וואָס האָבן געהאַט שטים־רעכט.

די פּראָגרעסיווע פּאַרטיי מיט איר אָרגאַן, דער „נאָרט אַמעריקען" האָט פאַר־שטאַנען די וויכטיקייט און די קראַפט פון יידישע בירגער. אָבער זיי האָבן צו די יידן ניט געקאָנט צוקומען. די עקזיסטירנדיקע יידישע צייטונגען אין פילאַ־דעלפיע זענען געווען איבערגעגעבענע „פּאַטריאָטן" פון די צוויי רעפּובליקאַנער פראַקציעס.

אין יענער צייט, אין 1908—9, האָב איך געאַרבעט אַלס רעפּאָרטער אין „נאָרט אַמעריקען". איינמאָל רופט מיך אריין צו זיך דער „סיטי־עדיטאָר", מר. דזשיימס ס. בענן, און אין דער קעגנווארט פון הויפּט־רעדאַקטאָר, מר. ע. א. וואַן־וואַלקענבורג, פרעגט ער ביי מיר אויב איך וואָלט זיך אונטערגענומען צו רעדאַק־טירן א אידישע אָפּטיילונג אין „נאָרט אַמעריען". איך האָב זיין פאָרשלאַג אָנגענ־נומען.

עס איז געווען נאָענט צו די וואַלן פון פראָקוראָר (דיסטריקט אַטאָירני) פון פילאַדעלפיע קאָונטי. די פּראָגרעסיווע פּאַרטיי מיט דעם „נאָרט אַמעריקען" בראש, האָבן ארויסגעשטעלט אַלס קאַנדידאַט א באַוואוסטן אַדוואָקאַט, ד. קלאַרענס גיבאָני, דער פּאָרזיצער פון דער אָרגאַניזאַציע „געזעץ און אָרדענונג".

מר. בענן הייסט מיר צוגרייטן מאַטעריאַל אין יידיש פאַר דער קאַמפּאַניע, איך ברענג אים א פּאַר עמודים מאַטעריאַל מיט אַן איבערזעצונג פונם אינהאַלט.

---

*) דער „נאָרט אַמעריקען", איינע פון די גרויסע ענגלישע צייטונגען, איז גע־גרינדעט געוואָרן אין 1771. דאָס איז די עלטסטע טעגלעכע צייטונג אין אַמעריקע און איז אַ פּאָרטזעצונג פון דעם וואָכנבלאַט „פּעסילווייניע גאַזעט", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון בענדזשאַמין פרענקלין, אין 1728. מיט עטלעכע יאָר צוריק איז דער „נאָרט אַמעריקען" אָפּגעקויפט געוואָרן פון דעם קוירטיז־מאַרטין צייטונגס סינדיקאַט און זיך פּאַראייניגט מיט דעם „פּאַבליק לעדזשער".

„דאָס איז ניט גענוג, זאָגט צו מיר דער נייעס־רעדאַקטאָר. מיר ווילן אייך געבן די גאַנצע ערשטע זייט פון „נאָרט אַמעריקען". און אויב נויטיק אויך אַ טייל פון דער צווייטער זייט. מיר וועלן אייך אויך געבן ספּעציעלע יידישע צייכענונ־גען", האָט מר. בענן צוגעגעבן.

עס איז דעמאָלט געווען בלויז אַ פּאָר יאָר נאָכדעם ווי די „מאָרגן צייטונג", די ערשטע יידישע טאָג־צייטונג אין פילאַדעלפיע, איז אונטערגעגאַנגען (1906). די אַרויסגעבער, די ברידער אָזער, דרוקערס פון באַרוף, האָבן נאָך געהאַט די מאַשינען, און די מעכאַנישע אויסשטאַטונג פון דער צוגעמאַכטער „מאָרגן צײ־טונג", האָב איך דעריבער אַראַנזשירט מיט דער פירמע אויפצוזעצן און צוזאַמענ־צושטעלן דאָס מאַטעריאַל אין יידיש, און עס ברענגען דרוקן אין „נאָרט אַמעריקען".

די ערשטע אויסגאַבע פון „נאָרט אַמעריקען" אין יידיש איז דערשינען מאָנ־טיק, דעם 25טן אָקטאָבער, 1909. די ערשטע זייט פון דער צייטונג האָט אַנט־האַלטן מיינעם אַ לייט־אַרטיקל; אַן אַרטיקל; פאַרשיידענע נייעס; בריוו; קאָ־רעספּאָנדענציעס און אַ ספּעציעלע יידישע צייכענונג.

דער ערשטער נומער פון דער יידישער אויסגאַבע פון „נאָרט אַמעריקן" איז געדרוקט געוואָרן אין 40 טויזנט עקזעמפּלאַרן און איז פאַרטיילט געוואָרן צווישן די יידן איבער דער שטאָט דורך דעם צירקולאַציע־אָפּטיילונג פון דער צייטונג.

זיבן נומערן זענען דערשינען, ביז נאָוועמבער דעם 2טן, 1909, דעם טאָג פון די וואַלן. יעדער נומער האָט אַנטהאַלטן לייט־אַרטיקלען, אַרטיקלען איבער פּאָליטישע און אַלגעמיינע אָנגעלעגנהייטן; יידישע און פּאָליטישע נייעס, קאָ־רעספּאָנדענציעס, בריוו פון לעזער, און אין מאַנכע נומערן אויך ספּעציעלע יידישע צייכענונגען. די מיטאַרבעטער פון דער יידישער אויסגאַבע זענען געווען לואיס עדוואַרד ליווי, לאַיער מאַקס הערצבערג, ביידע זענען שוין טויט, יעקב צוזמער, דר. מאַקס באַרבור, דר. מאָריס ווײַמאַן, ד. קלאַרענס גיבאָני און אַנדערע.

דער אויסגאַנג פון די וואַלן איז געווען, אַז דער פּראָגרעסיווער קאַנדידאַט, מר. גיבאָני, האָט פאַרלוירן מיט אַ גאַנץ קליינער צאָל שטימען, און זיין קעגנער, סעמועל פּ. ראָטאַן, איז דערווײַלט געוואָרן דיסטריקט אַטאָירני, אויף דעם רעפּוב־ליקאַנער צעטל. געוואונען פון יידישן קאַמפּיין האָט די פּראָגרעסיווע פּאַרטיי, וועלכע האָט דאַן געצעלט אַרום 110 טויזנט שטימען, און נאָך מער האָט גע־וואונען דער „נאָרט אַמעריקען", וועמען עס זענען צוגעקומען טויזנטער נייע לעזער צווישן די יידן.

פאַר דעם „נאָרט אַמריקען" איז עס געווען אַ קאָלאָסאַלער זיג. דער רעדאַק־טאָר און די אַרויסגעבער זענען געווען שטאַרק צופרידן מיט דער יידישער אויס־גאַבע. מר. וואַן־וואַלקענבורג, און מר. בענן האָבן אָנערקענט די שטאַרקייט פון דעם יידישן וואָרט און די מאַכט פון די יידישע בירגער.

די פּראָגרעסיווע פּאַרטיי איז שפּעטער רעאָרגאַניזירט געוואָרן אונטער דעם נייעם נאָמען, די „קיסטאָון פּאַרטיי". אין 1911 זענען אָנגעלאָפן די וואַלן פאַר אַ שטאָט־מעיאָר. אַ שטאַרקער קאַמף האָט ווידער אויסגעבראָכן אין די רייען פון דער רעפּובליקאַנער אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז שוין פון לאַנג געווען צעשפּאָלטן. דער פּאָליטישער פירער, סטייט סענאַטאָר עדווין ה. וועיר, שטעלט אַרויס אַלס מעיאָר־קאַנדידאַט זיין ברודער, וויליאַם ס. וועיר (דערווײַלט אין 1926 אַלס יו־נייטעד סטייטס סענאַטאָר פון פּענסילווייניע) נאָמינירט צו ווערן אַלע מעיאָר־קאַנדידאַט אויף דעם רעפּובליקאַנער צעטל. יונייטעד סטייטס סענאַטאָר באָיז פּענראָוז) מיט סטייט סענאַטאָר דזשיימס פּ. מעקניקאָל, האָבן אַרויסגעשטעלט דעם באַנקיר, דזשאָרדזש ה. אוירל,*) נאָמינירט צו ווערן אַלס קאַנדידאַט אין די מאַי פריימערים".

די אינדעפּענדענט פּראָגרעסיווע פּאַרטיי האָט איינגעזען די געלעגנהייט צו נאָמינירן אירן אַ קאַנדידאַט. דער חשבון איז געווען, אַז איצט, ווען די רעפּוב־

*) זיין זון, דזשאָרדזש ה. אוירל, דער 3טער, איז אין 1933—34 געווען אַמבאַסאַ־סאַדאָר קיין עסטרייך, און געוואָרנט די נאַציס קעגן פאַרפאָלגונגען אויף יידן.

ליקאַנער אָרגאַניזאַציע איז צעשפּאַלטן, איז דאָ אַ מעגלעכקייט, אַז אַ דריטער קאַנדידאַט זאָל נאָמינירט ווערן. דאָס מאָל האָט טאַקע דער חשבון געשטימט.

די פּראָגרעסיווע מיט דעם „נאָרט אַמעריקען" שטעלן אַרויס אויף דעם „קיסטאָון" צעטל רודאָלף בלאַנקענבורג, אַ דייטשער אימיגראַנט, אַן ערנהאַפטן, עלטערן מענטשן און אַ באַקאַנטן קעמפער פאַר גערעכטיקייט און יושר.

מען האָט אים גערופן דאָס „אַלטע מלחמה פערד" (דהיי אַלד וואָר האָרס) און אויך „דער אַלטער דייטשער אויסרייניקער", ווייל ער האָט געהאָלפן אויס־רייניקן אַ צאָל אומערלעכע פירער.

דער רעזולטאַט פון די וואַלן איז געווען, אַז וויליאַם ס. וועיר האָט פאַר־לוירן און געבליבן זענען אוירל און בלאַנקענבורג; דער ערשטער אויף דעם רעפּובליקאַנער צעטל, און דער צווייטער אויף דעם פּראָגרעסיוון.

די אַלגעמיינע וואַלן פאַר שטאָט־מעיאָר אין נאָוועמבער, 1911, זענען גע־ווען זייער שטורעמישע. די רעפּובליקאַנער און די פּראָגרעסיווע „קיסטאָון" פּאַרטיי האָבן אַפּעלירט צו די וועלער פאַר זייערע שטימען. די קלענערע פּאַרטייען, די סאָציאַליסטישע, די דעמאָקראַטישע, און פּראָהיבישאָניסטן, זענען געווען קליין און אומבאַדייטנד. די רעדאַקטאָרן פון „נאָרט אַמעריקען" האָבן נאָך ניט געהאַט פאַרגעסן דעם גרויסן דערפאָלג פון דער יידישער אויסגאַבע אין 1909. מר. בענן איז מיך ווייטער מכבד מיט דעם רעדאַקטאָר־אַמט, אַרויסצוגעבן אַ ספּע־ציעלע יידישע אויסגאַבע. אין אָנפאַנג מאָנאַט נאָוועמבער, 1911, צו די אַלגע־מיינע וואַלן, דערשיינט ווידער „נאָרט אַמעריקען" אין יידיש, עטלעכע טעג פאַר עלעקשאָן. אויף דעם זעלבן שטייגער ווי די ערשטע אויסגאַבן זענען דערשינען.

דינסטיק, דער 7טער נאָוועמבער, דער טאָג פון די וואַלן, איז געבליבן היס־טאָריש אין דער געשיכטע פּאָליטישע פּאַרטייען אין פילאַדעלפיע. אין דער רעדאַקציע פון „נאָרט אַמעריקען" זענען אָנגעקומען די וואַל־רעזולטאַטן. דער שיקזאַל פוןביידע קאַנדידאַטן איז געהאַנגען אויף אַ וואָגשאָל. ערשט 3 אַזייגער פאַרטאָג, דעם 8טן נאָוועמבער, איז קלאָר געוואָרן, אַז רודאָלף בלאַנקענבורג איז דערוויילט געוואָרן מעיאָר פון פילאַדעלפיע, זיין מאַיאָריטעט איז געווען דריי טויזנט פיר הונדערט.

מר׳ „וואַן" (וואַן וואַלקענבורג), דער רעדאַקטאָר פון „נאָרט אַמעריקען", האָט מיר געדריקט די האַנט, און געזאָגט, „יונגערמאַן, די יידן פון פילאַדעלפיע האָבן זיך זייער שיין אויסגעצייכנט. די וואַל־קוריעס, וועלכע זענען באַוואוינט מיט אַ גרויסער צאָל יידן, האָבן אונז געגעבן אַ גרעסערע מערהייט שטימען איצט ווי ווען עס איז פריער. די יידישע אויסגאַבע פון „נאָרט אַמעריקען", וועל־כער איר רעדאַקטירט, האָט אונז זייער פיל אַרויסגעהאָלפן".

די וויכטיקייט פון די יידישע שטימען, און די שטאַרקייט פון יידישן וואָרט איז דעמאָלט אָנערקענט געוואָרן צווישן די גאָר־געהויבענע פּאָליטישע און געזעל־שאַפטלעכע קרייזן, ביי ניט־יידן. די פּראָגרעסיווע „נאָרט אַמעריקען" האָט געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס צווישן די קריסטלעכע עלעמענטן. די צייטונג פון דעם פרומען דזשאָן וואַנאַמייקער איז געלעזן געוואָרן פון אַ גרויסער צאָל גלחים, געלערנטע קריסטן און דער סאַמע סמעטענע פון דער פילאַדעלפיער אַריסטאָקראַטיע. די ציר־קולאַציע פון דער צייטונג אין יענער צייט איז געווען אַרום 250000 קאָפּיעס טעגלעך, און איר זונטיק־אויסגאַבע האָט דערגרייכט אַרום 300 טויזנט.

מר. עדוואַרד א. וואַן־וואַלקענבורג, דער רעדאַקטאָר פון „נאָרט אַמעריקען", איז געווען אַ פּערזענלעכער פריינט פון פּרעזידענט רוזוועלט, וועלכער האָט, ווי באַקאַנט, באַקעמפט די טראָסטס, וואָס האָבן זיך מיט אַ יאָר 40 צוריק אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן.

אין יאָר 1912 איז געגרינדעט געוואָרן אַ דריטע פּאַרטיי, די פּראָגרעסיווע פּאַרטיי,און אָוועקגעשטעלט טעאָדאָר רוזוועלט אַלס קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט. פירער פון ביידע גרויסע פּאַרטייען, די רעפּובליקאַנער און דעמאָקראַטן, האָבן זיך געשראָקן פאַר רוזוועלטן. האָבן זיי אויפגעהויבן אַ געשריי, אַז רוזוועלט

ווייל צעברעכן די אַמעריקאַנער טראַדיציעס און „לויפן" אַ דריטן טערמין, וואָס איז קעגן דעם מנהג פון לאַנד.*)

דער צענטער (הויפּט־ביוראָ) פון דער פּאַרטיי איז געווען אין שיקאַגאָ, אין האָטעל לאַסאַל. דאָרט האָט זיך אויך געפונען אַן אָפּטיילונג פאַר פּראָפּאַגאַנדע פאַר אויסלענדישע בירגער. די יידישע אָפּטיילונג איז געווען די וויכטיקסטע און איז אָנגעפירט געוואָרן פון איינעם אַ מר. גלייזער.

אין ענדע אָקטאָבער, ווען עס האָט זיך דערנענטערט צום טאָג פון וואַלן, האָב איך ווידער רעדאַקטירט עטלעכע נומערן „נאָרט אַמעריקען" אין יידיש. דאָס מאָל איז די יידישע אויסגאַבע פאַרטיילט געוואָרן אין אַ גרעסערער צאָל עקזעמפּלאַרן, ווייל די צייטונג איז צעשיקט געוואָרן אין די שטעט און שטעטלעך איבערן סטייט פּענסילווייניע, וואו יידן געפינען זיך.

דער ערשטער נומער, וואָס איז דאַטירט אָקטאָבער דעם 30טן 1912, איז פון באַדייטנדער וויכטיקייט פאַרן יידישן זשורנאַליזם אין אַמעריקע, און ספּעציעל פאַר דער יידישער שפּראַך און דעם איינפלוס פון די יידישע אימיגראַנטן־בירגער אין יענער צייט.

אין דעם דאָזיקן נומער, ווי עס איז צו זען פון דער פאַקסמיליע פון פאָדער־בלאַט אין יענער צייטונג, געפינט זיך אַ יידישע צייכענונג, מיט דער צוטאַטע פון ווילסאָנס „געשיכטע פון אַמעריקאַנער פאָלק", וואו די אימיגראַנטן פון מזרח אייראָפּע ווערן באַליידיקט און געשטעלט נידעריקער פון די כינעזער.

אין יענעם נומער איז אויך געדרוקט אַן אויסצוג פון טעאָדאָר רוזוועלטס אַ רעדע, וועגן פאָלקס־פירערשאַפט אין די אַלגעמיינע אינטערעסן פון פאָלק. די דאָזיקע רעדע איז געהאַלטן געוואָרן אין מילוואָקי, אין דער נאַכט, ווען אַ גע־וויסער מאַניאַק האָט געשאָסן אויף רוזוועלטן. אין יענעם נומער איז אויך אָפּ־געדרוקט פולשטענדיק די פּלאַטפאָרמע און פּרינציפּן דערקלערונג פון דער פּראָ־גרעסיווער פּאַרטיי פון „רוזוועלט דעם ערשטן". אין יענעם פּראָגראַם פאַרשפּרעכט „טעדי" רוזוועלט דעם אַמעריקאַנער פאָלק אַ „סקווער דיל", וועלכער איז מערק־ווירדיק ענלעך צו דעם „ניו דיל", וואָס דער איצטיקער פּרעזידענט, „רוזוועלט דער צווייטער", פּרובירט דורכצופירן.

פון די זעקס שטאַטן, וואָס רוזוועלט האָט געוואונען אין טאָג פון די וואַלן, איז פּענסילווייניע געווען דער גרעסטער. טעאָדאָר רוזוועלט איז געווען זייער באַליבט ביי די בירגער פון פּענסילווייניע. ספּעציעל אין די קוילן־מינען, וואָס ווערן קאָנטראָלירט פון די קוילן־מאַגנאַטן, וועלכע רוזוועלט האָט שטאַרק באַקעמפט. אין יענע וואַלן האָט רוזוועלט געוואונען דעם סטייט פּענסילווייניע מיט אַ מאַיאָ־ריטעט פון 56 טויזנט שטימען.

עס איז אָן ספק, אַז דער זיג פון רוזוועלטן האָט טיילווייז צו פאַרדאַנקען דער וואַל־פּראָפּאַגאַנדע, וואָס איז געפירט געוואָרן צו יענער צייט אויף יידיש.

REV. K. H. SARASOHN

21 Allen Street New York

*I hereby for value received sell and transfer to K. H. SARASOHN, all the debts due to me from subscribers or advertisers in or to the "Jüdische Volks Ueitung" newspaper and authorize him to collect all moneys therefore.*
*New York, May 24th,* 1880.

M. TOPOLOWSKY

City and County of New York, on this 24th day of May, 1880, before me personally came Moses Topolowsky, known to me to be the person described in and who executed the foregoing paper and acknowledged to me that he executed the same.

CHARLES H. SMITH
Notary Public,
*New York County.*

---

*) אייגנטלעך איז עס געווען בלויז אַ צווייטער טערמין, ווייל דעם ערשטן טערמין איז רוזוועלט ניט דערוויילט געוואָרן. ער האָט בלויז פאַרענדיקט די מעקקינלי אַדמי־ניסטראַציע, ווען פּרעזידענט מעקקינלי איז געטויט געוואָרן אין יאָר 1901.

מ. ש — ן

# די ליקווידאַציע פון דער „יודישער פאָלקסצייטונג"

סוף די 70קער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט, איז די דרוקעריי פון מ. טאָפּאָ־לאָווסקי, אויף 128 קאַנעל סטריט, געווען די גרעסטע און בעסטע יידישע דרו־קעריי אין ניו יאָרק. כתריאל צבי שרהזאָן האָט דאָרט געדרוקט זיינע „יידישע גאזעטן", און י. מ. יהלומשטיין זיין „יזראעליט".*)

טאָפּאָלאָווסקין האָט זיך דעמאָלט פארגלוסט אויך צו ווערן א צייטונגס־ארויסגעבער. א דרוקעריי האָט ער דאָך געהאַט; זיין שוויגער איז געווען וויליק אים אַרויסצוהעלפן אין דער נייער אונטערנעמונג. ער האָט אויך געקראָגן א פּאַסיקן מענטשן פאַרן רעדאַקטאָר־אַמט אין דער פּערזאָן פון ג. לאַנדוי, און אין זומער פון 1878 האָט ער אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן די „יודישע פאָלקס־צייטונג" דיא גרעסטע אונד ביללינגסטע יודישע צייטונג אין אמעריקא. ערשיינט יעדען פרייטאָג".

די „פאָלקס־צייטונג" איז באמת געווען שיין, אין טעכנישן זין, אָבער די קאָנקורענץ צווישן אים און שרהזאָנען אי געווען צו־שטאַרק, און פאַר צוויי צייטונגען איז נאָך דעמאָלט קיין פּלאַץ ניט געווען אין ניו יאָרק. טאָפּאָלאָווסקין איז דער עניין פון אַרויסגעבעריי ביסלעכווייז נמאס געוואָרן, און ער האָט געזוכט א פּאַסיקע געלעגנהייט ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון זיין צייטונג אויף א שיינעם אופן. די געלעגנהייט איז געקומען אין מאַי 1880. און אַט ווי די זאַך איז צו־געגאַנגען:

„אין יענעם טאָג זענען מיר ביידע, טאָפּאָלאָווסקי און איך — דערציילט כתריאל צבי שרהזאָן אין זיינע זכרונות*) — צוזאַמען געווען אַלס דעלעגאַטן אויף א קאָנווענשאָן פון אָרדער ברית אברהם. פּלוצים איז ער צו מיר צוגע־קומען מיט א פריינטלעכן „גוד איווונינג מיסטער שרהזאָן" און איז גלייך ווייטער אַרויס מיט די פאָלגנדע דייטלעכע ווערטער: „איך קען שוין לענגער ניט אויס־האַלטן, וואָס וועט זיין דער תכלית מיר קאָנקורירן איינער קעגן דעם אַנדערן. דאָס פעלד איז זייער באַשרענקט, און איך זע, אַז איך וועל ניט אויספירן... איך וועל אייך מיין „פאָלקס־צייטונג" פאַרקויפן, די אותיות, די סופּסקריפּשאָן ביכער, מיינע אויסשטייענדיקע חובות און אַלץ. איך ווייס דאָך, אַז איר האָט נישט קיין קעש געלט, קענט איר מאַכן די צאָלונגען אין קליינע ראַטעס". עס האָט קיין 24 שעה ניט געדויערט, און די גאַנצע יידישע שריפט, מיט די ביכער, און אויך דער זעצער פון דער „פאָלקס־צייטונג" זענען ביי אונז אין שטוב געווען".**)

אין די „יודישע גאזעטן" פון 28טן מאַי, 1880 (6טער יאָרגאַנג, נומ. 21), איז אָפּגעדרוקט אויף דער ערשטער זייט די פאָלגנדיקע דערקלערונג פון מ. טאָ־פּאָלאָווסקי וועגן דער ליקווידאַציע פון דער „פאָלקס־צייטונג":

"פאָם הערויסגעבער
יודישען פאָלקס־צייטונג

נאָך ביינאהע צווייא יעהריגער הערויסגאַבע דער „יודישען פאָלקס־צייטונג", האָבען וויר יעטצט בעשלאָססען, דיא ווייטערע הערויסגאַבע דער זעלבען אויפצוגעבען.

אַלס איך פאר 2 יאָהרע דיא יודישע פאָלקס־צייטונג געגרינדעט האבע, האטטע זיך איינע גראָססע צאָהל פאָן סובסקרייבער אָנגעשלאָססען און האָפּטע

---

*) זע מ. שטאַרקמאַנס אַרטיקל אין דעם זאַמלבוך.

*) דיא ביאָגראַפיע פון דיא אידישע גאַזעטטען... — דאָרט, אַפּריל 20, 1894

**) אָרטאָגראַפיע מאָדערניזירט.

איך דיזעס בלאַטט צו איינעם בעלעהרענדרן אונד ניטצליכען צו מאַכען. צו דיזעם צוועקק האבע איך שטעטס בעשטרעבט פערבעססערונגען צו אַנצוברענגען. ליידער האבען מיך דיזע אבאָנענטען אים שטיכע געלאַססען, דער גרעסטע טהייל האַט טראָטץ ביטטען אונד מאהנען דאָס אַבאָנעמענטס געלד ניכט איינגעשיקט — פאָן דער ערשטער ביז דער לעטצטער וואָכע האבע איך שטעטס יעדע וואָכע שווערהרעס געלד צוגעזעטצט, אונד גלויבטע פיעללייכט ווירד עס בעסער ווערדען. עס לאַג ניכט דיא שולד אַן דיא צאָהל דער סובסקרייבער זאָנדערן אַן דיא ניכט פינקטליכע צאָהלונגען. עס איז דאָס טרויעריגע דאָס פילע סובסקרייבער בעטראַכ־טען דאָס אַבאָנעמענטס־געלד אַלס איינע נדבה דיא זיא דעם הערויסגעבער געבע, אונד פיעלע האַלטען זיך זאָגאַר ניכט פאַרפּפליכטעט זעלבסט דיא נדבה צו געבען. דעסהאַלב מוסטע איך דיא צייטונג אויפגעבען.

דען פריינדען דיא מיך ווערהענד דער צייט דורך פּראַמפּטע צאָהלונגען אונ־טערשטיטצען, דריקקע איך היערמיט מיינען הערציגסטען דאַנק אויס, זאָ וויא דאָס שמערצליכע בעדויערן פאָן איהנען אבשיעד נעהמען צו מיססען צור צופריע־דענשטעלונג דער יעניגען סובסקרייבער אונד אַדוועטייזער, דיא אונז אים פאָראויס בעצאהלט האבען אונד דיא צייט איהרע סובסקריבציאָן אונד אַדוועטייזינג איזט ניכט אבגעלויפען, האבען וויר מיט מיסטער שרהזאָן דעם הערויסגעבער דער „יודישען גאזעטטען", אָן דעם וויר אונזערע יודישע פאָלקס־צייטונג וויא אויך וואָס דאַצו בעלאַנגט פערקויפט האבען, ריקשפּראַכע גענאָממען, אונד אויס־בעססערונגען, דאַסס ער זאָל אָן דיא סובסקרייבער אונד אדוועטייזער דער יודישען פאָלקס־צייטונג דיא פעהלענדע נוממערן דורך דיא זעלבע צאָהל בלעטטער דער יודישען גאזעטטען פרייא אונד אונגעלטליך נאַכדרוקקען אונד צוקאַמען צו־לאַססען. וואָס מיסטער שרהזאָן האָט אויך איבערנעמען אונד שריפטליך זיך פערפּפליכטעט צו טהון. דאגעגען האבען וויר אונזערער זייטס אז מיסטער שרהזאָן אַללע אונזערע אויסשטעהנדע פאָרדערונגען און סובסקריבשאָן געלדער אונד מודעות איבערגעגעבען. אונד מיסטער שרהזאָן איזט היערמיט ערמעכטיגט אַללע אונזערע ריקשטענדיגע סובסריבשאָנס געלדער פיר דיא פאָלקס־צייטונג וויא פיר מודעות אָדער אדוועטייזמענטס צו קאָלעקטען איינצוקאַסירען אונד דאַפיר צו קוויטירען.

איך ביטטע דאהער אַללע געעהרטע אַבאָנענטען פאָן סיטי אונד קאָנטרע וועלכע זינד מיר נאָך ריקשטענדיג, דאָס זיא אַללע דיא מיר צוקאָמענדע סובסקריב־שאָן געל־[?] געלדער צו זענדען אַן מיסטער שרהאָזאָהן, 21 אַללען סט.

מ. טאָפּאָלאָווסקי, הערויסגעבער דער פאָלקס־צייטונג.

ניו יאָרק, מאַי דען 18טען, 1880".

ל. מאַרקוז

# אַביסעלע היסטאָריע

פון דער רעדאַקציע: — מיר ברענגען דאָ די זכרונות, וואָס ש. ל. מאַרקוז, מיט־רעדאַקטאָר פון „דער איזראַעליטישער פּרעסע“, די ערשטע יידישע צייטונג אין שיקאַגע,*) האָט פאַרעפנטלעכט אין 25־יאָריקן יובילײ־נומער פון „יידישן טאַגעבלאַט“, זונטיק, דעם 20טן מערץ, 1910.

פון מאַרקוזעס זכרונות קען מען זיך שאַפן אַ גאַנץ קלאָרן באַגריף וועגן דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבען אין שיקאַגע אין די זיבעציקער און אַכציקער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט, און וועגן דעם אָנהייב פון יידישן זשורנאַליזם אין דער מעטראָפּאָליע פון די מיטל־מערב שטאַטן.

די אונטערשטרייכונגען אין די זכרונות זענען געמאַכט געוואָרן פון דער רעדאַקציע פון דעם זאַמלבוך.

אויב עס וועלן געשאַפן ווערן די פינאַנציעלע מיטלען אַרויסצוגעבן נאָך זאַמלונגען צו דער געשיכטע פון דער יידישער פרעסע אין אַמעריקע, וועט מען, אין דער ערשטער ריי, דאַרפן איבערדרוקן די מעמואַרן פון די פּיאָנערן פון יידישן זשורנאַליזם דאָ אין לאַנד. זייערע זכרונות, מקורים פון אויסערגעוויינטלעכן ווערט, זענען צעוואָרפן אין פאַרשיידענע עלטערע יידישע און העברייאישע אויסגאַבעס. מיטן איבערדרוקן מאַרקוזעס זכרונות מאַכן מיר דעם אָנהייב אין דער ריכטונג.

אַ פערטל יאָרהונדערט! 25 יאָר — אפילו אַסך מאָל ניט ווער ווי אַ האָזנשפּרונג אָנגעצויגן דעם עלעקטרישן זכרון פאָנאָגראַף, אַ דריק דעם חוש הראיה־קנאָפּ, און איך געפין מיך ווידער אין שיקאַגאָ, וואו איך האָב צוגעבראַכט איייניקע יאָר. דעמאָלט שוין זענען אונזערע אחינו בני ישראל דאָרט געווען פאַרטראָטן אין אַלע עקן וועלט.

איך בין דאָרט געקומען פון אַ סאַוטערן סטייט, וועלכער באַזיצט פיר אַלפּ'ן.*) אַריין בין איך צו אַ געוויסן בעל הבית, אָנגעוויזן פון מיין זעליקן ברודער, וועלכער וואַר פון די ערשטע פּיאָנערן פון אונזערע יידן אין אַמעריקע. פרייטיק איז עס געווען. דיזער פריינד איז געווען אַן עכט פרומער ייד, פון גאַנץ אַלטן חדר. ביי אים אין הויז, אין אַלע ווינקעלעך, האָט זיך געפילט דער אָנקומען פון שבת, פון דער נשמה יתירה. גייענדיק מיט אים אין שול אַריין, זאָגט ער צו מיר בכבוד מיט דער איינפאַכסטער ערנסט: „מיין ליבער גאַסט, ביי אונז טראָגט מען ניט קיין זייגערס אום שבת“. איך האָב געפאָלגט. די שול איז געווען דער בית־המדרש הגדול, אַ שיינע שול צו יענער צייט, שטרענג אָרטאָדאָקסיש, מיט אַלע קליפּערלעך — דער רב זייערער וואַר מיינער אַ לאַנדסמאַן, מיינער אַ בוזים פריינד — אַ שאַרפער למדן, אַ בקי גדול, אַ מיוחס, און גאָר קיין פאַנאַטיקער, יעצט עליו השלום אין ירושלים. אין אַ געוויסן שבת, האָט אין דיזער שול געדאַוונט אַ יונגער יינגל מיט אַ גאַנצן כאָר. דער פאָטער זיינער האָט פערזיכערט אויף זיין „הון־צדק“ דאָס ער איז נאָך אונטער בר־מצוה. דער רב איז געווען דאַגעגן. איך וואַר דאַמאַלס רעדאַקטאָר פון דער וועכנטלעכער צייטונג „די איזראַעליטישע פרעסע“, אַרויסגעגעבן פון נחמן דוב עטעלסאָן אין שיקאַגאָ. צו קריאת התורה האָט מען מיך מכבד געווען. דער רב אָבער האָט זיך געערגערט וועגן קליינעם חזנ'דל, און האָט מיך דורכויס ניט געלאָזן אַרויפגיין אויפן בימה, ווען אַ מיט־

---

*) באַשריבן פון ק. מרמר אין ניו יאָרקער "פּנקס" פון ייוואָ, נומ. 2—1, זז. 52—38.

*) מסתמא געמיינט דעם שטאַט אַלאַבאַמאַ.

גליד האָט זיך אויפגעהויבן און מיט זיין באַריטאָן־שטימע אויסגערופן: „ווייל ער גייט ניט לייענען, זאָלן מיר געבן אַ חרם אויף זיינע פייפערס!" מען האָט עס נאַטירלעך ניט אויסגעפירט.

שיקאַגאָ האָט שוין מיט 25 יאָר צוריק געהאַט אַ שיינע יידישע באַפעלקערונג. עס האָבן זיך שוין געפונען געציילטע משכילים, אָנהענגער פון העברייאיש. די „יידישע גאַזעטן", די מוטער פון דאָס „יידישע טאַגעבלאַט", האָט דעמאָלט שוין געבוירן איר איצטיקעס קינד... איך ערינער מיך נאָך הייטע, מיט וועלכער אומגעדולד די אַלטע בעלי־בתים צוזאַמען מיט זייערע רבנים פלעגן דערוואַרטן דאָס אָנקומען פון די „יידישע גאַזעטן" און „טאַגעבלאַט" פון ניו יאָרק. מיט וועלכן אַפּעטיט זיי פלעגן עס לעזן! פילע פון די פילע לעזער האָבן זאָגאַר אַ פירטל טייל נאָך ניט פאַרשטאַנען. ערשטנס, ווייל זיי וואַרן נאָך ניט געאיבט אין לעזן, און צווייטנס, וואַר נאָך דער יידיש ניט געשליפן ווי ער איז יעצט. דאָסזעלבע האָט אויך פּאַסירט מיט די „איזראַעליטישע פּרעסע".

---

אונזערע מיט די דייטשע יידן, וואַרן שטיקלעך מקורבים. זיי האָבן ערעפנט צוויי יידישע סקולס פיר אונזערע קינדער, איינע אין די איסט און די צווייטע אין דער וועסט זייט, אין וועלכע עס איז געלערנט געוואָרן פון חומש מיט מענדעלסאָנס איבערזעצונג און דקדוק לשון עברי. עס האָבן זיך דאַמאָלס געמעלדעט 22 אַפּליקאַנטן פיר לערער, אויך איך אונטער זיי. איך וויל מיך ניט רימען דאָס נור איך אַליין בין פון די אַלע אַלס לערער אָנגענומען געוואָרן. דען צו מיר איז געוועזן נאָך איינער, אַ גוטער בעל תנ"ך און מדקדק, גראַדע מיינער אַ לאַנדסמאַן און קאָלעגע. דיזע סקולס האָבן אָבער ניט מער ווי פיר מאָנאַטן עקזיסטירט, ווייל אונזערע ליטווישע מיוחסים האָבן ניט געוואָלט צומאָל ביישטייערן דעם איין דאָלאַר אַ מאָנאַט שכר לימוד פיר זייערע אייגענע קינדער, ווי דער אָפּמאַך איז געוועזן.

די לערער אַפּליקאַנטן האָבן געמוזט אויסשטיין אַן עקזאַמינײשאָן פון העברייאישער און דייטשער גראַמאַטיק. די עקזאַמינער וואַרן די ראַבינער דר. ד. פעלזענטאַל, דר. קאָלער, דר. ליבערמאַן אַדלער, דר. מעסינג און דר. גרשוני,*) צוזאַמען מיט איניקע יידיש־דייטשע באַנקירן, יודעי ספר, אין אָפּיס פון סופּעראינטענדענט פון דער רעליף־סאָסייטי, הער קיסס, אויך אַ יודע ספר!

---

דער דאַמאַלסדיגער צושטאַנד אין די פאַרשיידענע קהילות איז געוועזן זייער טרויעריק, ווי עס פירט זיך נאָך יעצט אין מאַנכע מקומות אין אַמעריקע. רייסעריי, צופעריי, קנאה ותחרות. איין רב האָט געהאַסט דעם אַנדערן, איין מגיד דעם צווייטן. אין ענין בשר כשר איז אויך צוגעגאַנגען כמנהג בעלי בתים משנים קדמוניות קצבים אָן סיינס פון רבנים. מיטאַמאָל אַ געשריי, אַ לאַרעם! יענער קצב האָט מאכיל טרפות געוועזן — אמת אָדער ניט אמת, עס ווערט מיאוס שרייענדיק, הערט מען אויף, און ווידער הכל שריר וקים.

---

עס גרופּירן זיך ווידער פאַר מיין חוש הראיה פאַרשיידענע פיגורן פון די אַלע אָבער בלויז איינע אַ רעכטע און אַ וויכטיקע. דאָס איז די ליבנס־ווירדיקע געשטאַלט פון דעם ניט לאַנג פאַרשטאָרבענעם דר. ב. פעלזנטאַל. דיזע פּערזאָן איז געבליבן טיף אין מיין האַרצן איינגראַווירט. די פריינדליכקייט זיינע, דער זיסער שמייכל אויף זיין געזיכט, די באַשיידנהייט, די פּאַטריאַרכישע געשטאַלט און צעדער־וואוקס ערוועקט נאָך יעצט אין מיר רעספּעקט און ליבע צו אים. ער איז געוועזן אַ תלמוד'יסט אָנגעלערנט, און אַ פּראַכטפולער העברייער, ניט קוקנדיק דאַרויף, וואָס איינע פון זיינע בראָשורן אין דייטשער שפּראַכע, זיין „פּראָזעליטן־

---

*) צבי גרשוני איז פריער געוועזן מיט־רעדאַקטאָר פון צ. ה. בערנשטיינס „די פּאָסט".— זע מ. שטאַרקמאַנס אַרטיקל אין דעם זאַמלבוך.

פראגע" אָדער שאלת הגרים*) איז מיר ניט געפעלן געוואָרן, און איך האָב ערוועקט געגן אים דעם צאָרן פון דער גאַנצען ראבינישן קלאַסע אין אַמעריקאַ צו יענער צייט. דורך די בריוו, וואָס עס האָבן זיך געצויגן אַ רונדעס יאָר אין די צייטונג, וועלכע איך האָב דעמאָלט רעדאַקטירט. מיין לאַנדסמאַן, הרב הגאון ר׳ אליעזר אניקסטער... האָט דאַמאָלס געצייגט זיינע גרויסע בקיאות און חריפות. צו אים נאָך אַנדערע שאַרפע לומדים און משכילים, ווי ר׳ שמואל הלל אייזיקס פון ניו יאָרק און נאָך מערערע. איך ווייס, איך האָב אים, מיין פריינד, דאַמאָלס ווי געטאָן. מיין כוונה, מיין אבזיכט, אָבער, איז געוועזן, ערשטנס, לשם שמים; צווייטנס, אויף צו וועקן די שרייבלוסט, די קנאת סופרים, אין די פאַרשלאָפענע הערצער פון די לומדים און משכילים, און דריטנס, צו אַדווערטייזן דאָס יונגע, ערשט אַיין יאָריגעס צייטונגבלאַט ווי ווייט מעגליך. ענדליך איז געקומען דר. פעלזנטאַל ע"ה און געבעטן די גאַנצע פראגע צו שליסן, וואָס מיר האָבן באַלד געטאָן.

---

## צוויי פּראָספּעקטן פון ייוו"א־אַרכיוו

מיר דרוקן דאָ צוויי פּראָספּעקטן פון אַמעריקאַנער יידישע פּעריאָדישע אויסגאַבעס — ביידע געהערן צום אַרכיוו פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

דער ערשטער פּראָספּעקט איז וועגן ב. גאָרינס „יידיש־אַמעריקאַנישער פאָלקס־ביבליאָ־טעק", פון וועלכער עס זענען דערשינען בלויז 7 נומערן; דער צווייטער איז וועגן דעם יידיש־סאָציאַליסטישן וואָכנבלאַט „די פרייע פּרעסע", וואָס האָט געזאָלט אַרויס אין 1915, אָבער זי איז קיינמאָל ניט דערשינען.

— די רעדאַקציע.

1

### קול מבשר

די‍א יודיש־אמעריקאַנישע

## פאָלקס — — —

## — — ביבליאטהעק

אַרויסגעגעבען פון

ב. גאָרין.

ערשיינט 25 מאָל אין יאָהר

דען 1טען יאנואַר 1897 הייבט אָן צו ערשיינען „די‍א אידיש־אַמעריקאַנישע פאָלקס־ביבליאָטהעק", וועלכע וועט זיין אַ נייעס אין דער אידישער ליטעראַטור אין אַמעריקאַ. די ביבליאָטהעק האָט איהר גלייכען דאָ ניט געהאַט און וועט אויסטרעטען אַ נייען וועג, אויף וועלכען הערויסגעבער האָבען ניט גוואַגט אַרויפ־צוטרעטען.

די ביבליאָטהעק וועט זיך באַשעפטיגען בלויז מיט בעללעטריסטיקע, דאָס הייסט מיט דער שיינער ליטעראַטור וויא למשל מעשיות, סקיצצען, ליעדער, סאַטירע און וועט ערשיינען אין דער פאָרמע פון זעכצעהנזייטיגע ביכלאך. יעדעס ביכעל וועט

*) פעלזנטאַל איז געוועזן דערפאַר, אַז גרים זאָלן זיך ניט דאַרפן מל זיין, נאָר בלויז דורכמאַכן די טבילה־צערעמאָניע. — רעד.

אין זיך האָבען אַ פאָלשטענדיגע ערצעהלונג, אַן אָנהייב מיט אַ סוף, נור אויב אין איין העפט וועט זיך אַן ערצעהלונג ניט פאַמעסטשען וועט גייהן אַ פאָרטזעצונג, אָבער לאַנג וועט זיא זיך ניט ציהען.

דיא ערצעהלונגען, וואָס וועלען אַריינקומען אין דער ביבליאָטהעק, וועלען זיין נעקליבענע, דיא בעסטע פרוכט פון אונזערע גרעסטע שרייבער. איהר וועט דאָ ניט געפינען מעשיות, וואָס זיינען ניט געשטויגען און ניט געפלויגען און וואָס פערטהומ־לען אייך נור דעם מוח, איהר וועט דאָ ניט געפינען אָרים־בחור׳שע פהילאָזאָפהיע, וואָס טרייבט אַן אַ נודעטאַ אויפ׳ן לעזער, איהר וועט דאָ ניט געפינען יענע גראָשענע, מעשה׳דיגע וויססענשאַפט, וואָס איז ניי־בע־ני־מע־ני־קו־קע־רע־קו, וואָס האָט ניט קיין בעלעטריסטישען ווערט, ווייל ביים מחבר איז די מעשה אַליין נור אַ ביי־זאַך, מעהר ניט אַ מין משל, עפעס אַ נאָכגעבעניש דעם לעזער און האָט נור אין זינען דיא כלומר׳שדיגע וויססענשאַפט און נאָך ווינציגער האָט דאָס אַ וויססענשאַפטליכען ווערט, ווייל דאָס איז ניט געשריבען אויפ׳ן וויססענשאַפטליכען וועג, שוין ניט ריידענ־דיג דערפון, אַז דיא גאַנצע חכמה פון אַזאַ מין ווערק קען מען איבערגעבען אין צוויי ווערטער, איהר וועט דאָ ניט געפינען קיין נסים, קיין פּלוידעריי. דיא ערצעהלונגען פון דער ביבליאָטהעק וועלען זיין געשריבען פּראָסט און איינפאַך, אַז יעדער וועט זיי קענען אָנטאַפּען דיא בילדער וועלען זיין געמאָהלט אַזוי ריכטיג פון לעבען, זייא וועלען שטיין אַזוי בולט פאַר דיא אויגען, אַז יעדער וועט אין זיי דערקענען איינעם פון זיין אייגענער משפּחה און וועלען אייך פערשאַפען אַ שטילען פערגניגען, אַזאַ, וואָס מען רופט עסטעטישען, אויב נור אייער געשמאַק איז ניט זעהר שטאַרק פער־גרעבט געוואָרען, און וועלען וועקען דיא געדאַנקען אין אייער מאַרך, וועלען אייך צווינגען טראַכטען, קלעהרען וועגען געוויסע ערשיינונגען אין לעבען, ווייל אַ סצענע, אַ בילד אפילו איין שטריך, וואָס איז טיעף אַרויסגענומען פון לעבען האַקט זיך איין אין מוח, שוועבט שטענדיג פאַר דיא אויגען און איהר מוזט ווילענדיג ניט ווילענדיג צוליעב דעם איין שטריך, צוליעב איין סצענע טראַכטען און קלעהרען איבער געוויסע ערשיינונגען.

אינטעלליגענטע מענשען פערשטייהען, וואָס פאַר אַ גרויסע בעדייטונג אַזאַ זאַך האָט פאַר׳ן פאָלקס־אויפקלערונג און ניט אומזיסט האָבען סטודענטען אין רוס־לאַנד בעגעגענט די גרעסטע סימפּאַטהיע פונקט אַזאַ אונטערנעהמונג פון דעם זעלבען הערויסגעבער און פערשפּרייט צווישען פאָלק זיינע אויסגאַבען טויזענדערוויי׳ז.

דער ציעל פון דער פאָלקס־ביבלאָטהעק איז צו עפענען אַן אָפענעם קאַמפּף נעגען דער שונד־ליטעראַטור, וואָס האָט פערפּלייצט אַלע אידישע הייזער און אַמע־ריקא, און אויסטרעטען אַ נייען וועג פאַר אַ ריינע פיינע ליטעראַטור.

דיא ביכלאַך פון דער פאָלקס־ביבליאָטהעק וועלען ערשיינען איינמאָל אין צוויי וואָכען אָדער 25 מאָל אין יאָהר; יעדעס ביכעל וועט קאָסטען 5 סענט. יעהרליכע סובסקרייבער וועלען באַקומען אַלע 25 העפטען פאַר איין דאָללאַר, איינגעצאָהלט פּאָראויס און אויסער דעם וועלען זיי בעקומען סוף יאָהר אַ מתנה אַ יאָהרבוך, וואָס וועט ספּעציעל צוליעב דעם הערויסגעבען ווערען.

צווישען דיא מיטאַרבייטער פון דער ביבליאָטהעק געפינען זיך אַלע בעריהמטע אידישע שרייבער פון רוסלאַנד. וויא פּלאַי, פּולס, ספּעקטאָר לעיוענזאָהן א. ז. וו.

דאָס ערשטע ווערק פון דער פאָלקס־ביבליאָטהעק וועט הייסען

## דיא געשמיסענע.

דער הערויסגעבער טרייסט זיך מיט דער האָפנונג, אַז זיין אונטערנעהמונג, וועט דאָ אויך בעגעגענען סימפּאַטהיע ביי אַלע אינטעליגענטע לעזער און זיי וועלען איהם העלפען און זאַמלען סובסקרייבער און פערשפּרייטען די ביכלאַך צווישען פאָלק.

אַכטונגספאָלל

ב. גאָרין (י. גוידאָ).

אַלע געלדזענדונגען און בריעף צו שיקען אויפ׳ן פאָלגענדען אַדרעס:
B. GORIN, 473 Sackman Street, Brooklyn, N. Y.

2

# פראגראם־ערקלעהרונג

פון דער

# „פ ר י י ע ר  פ ר ע ס ע"

א אידישע סאציאליסטישע וואכענבלאט

ארויסגעגעבען פון

„פרייע פרעסע פובלישינג אסאסיאיישאן"

נ י ו ־ י א ר ק

[1915]

## די „פ ר י י ע  פ ר ע ס ע" וועט זיין אן אונאבהענגיגע אידישע סאציאליסטישע וואכענבלאט.

---

דאס איז אונזער גאנצער פראגראם. אבער אט דיזער קורצער פראגראם איז אזוי קלאהר און שארף, אז ניט נאר איז ער פאלשטענדיג גענוג צו בארעכטיגען די נויטווענדיגקייט פון דער נייער ציימונג, נאר ער לייגט ארויף אויף די ארויסגעבער און רעדאקציאן א גאנצע רייהע פון פליכטען און זיכערט פאר דער נייער ציימונג די סימפאטיען פון גאנץ גרויסע קרייזען פון דער אידישער סאציאליסטיש־ראדיקאלער ארבייטערשאפט.

אלס אונאבהענגיגע סאציאליסטישע צייטונג וועט די „פרייע פרעסע" ניט קענען זיך שטעלען אונטער דער קאנטראל פון קיין איין באשטימטער פארטיי־ריכטונג אדער פארטיי־ארגאניזאציע. און דאס איז וואס איז אזוי שטארק נויטיג ביי היינטיגען טאג. אין דעם איצטיגען היסטארישען מאמענט, ווען די ריכטונגען האבען זיך צומישט, ווען פיעלע פון די פרינציפען און אמת'ן וואס זיינען געווען געהאלטען ביי די סאציאליסטען, אנארכיסטען, סינדיקאליסטען פאר זעלבסטפאר־שטענדליך, זיינען אזוי אונערווארטעט פערוואנדעלט געווארען אין שטרייט־פראגען — איז די וויכטיגסטע אויפגאבע פאר אלע סאציאליסטען יך צוזאמענריידען. און דערצו איז קודם כל נויטיג א פרייע פלאטפארמע, וואו יעדער זאל האבען די מעגליכקייט פריי, אונגעשטערט אויסצודריקען זיין מיינונג אהן קיין שום אפיציעלער צענזור.

די „פרייע פרעסע" איז אבער אויסער דעם א אידישע צייטונג. און אלס אידישע וואכענבלאט וועט זי, עלבסטפערשטענדליך, מוזען ווידמען איהר באזונדערע אויפמערקזאמקייט צו די נאציאנאלע אינטערעסען פון אידישן פאלק אין ווייטסטען און ברייטסטען זינען און וועט מיט באזונדערער זארגזאמקייט זוכען צו פלעגען די אידישע שפראך און קולטור. אבער אויך אויף דעם געביעט פון אידישע פראגען וועט די „פרייע פרעסע" בלייבען אונאבהענגיג פריי; זי וועט אויך דא זיך ניט שטעלען אונטער דער קאנטראלע פון קיין איין פארטיי אדער ריכטונג אין דער נאציאנאלער פראגע. מיר לעבען איצט אין אן איבערגאנגס־צייט, און דערפאר מוז געגעבען ווערען א מעגליכקייט פריי און מוטהיג צו דיסקוטירען אלע פראגען און נויטען און בעדירפנישען פון אונזער אידישען נאציאנאלען לעבען.

די „פרייע פרעסע" וועט זוכען צו פערשפרייטען בילדונג צווישען די אידישע מאסען, צו הייבען זייער קולטורעלען מעמד, צו אויסשפרייטען זייער געזיכטס־קרייז, צו געבען זיי א קלאהרען בעגריף וועגען די אלע פראגען פון סאציאל־פא־ליטישען לעבען און פון דער ארבייטער בעוועגונג סאי דא אין אמריקא און סאי אין אלע אנדערע לענדער וואס קענען אינטערעסירען דעם דענקענדען מענשען. אבער מיר ווילען זיך ניט באשרענקען מיט טרוקענע וויסענשאפט. די „פרייע פרעסע" וועט זיין א ק א מ פ פ ס ־ א ר ג א ן פאר אמת'ע דעמאקראטיע, פאר פערזענליכע פרייהייט און פאר'ן פרייען געדאנק. מוטהיג און ניט דערשראקען ווילען מיר באקעמפפען אליגארכישע טענדענצען, קליקען־הערשאפט, קארופטע פיהרערשאפט, רעאקציע און דעמאראליזאציע גאנץ גלייך וואו מיר ווילען זי בא־

געגענען: צי אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, צי אין די יוניאָנס, צי אין די אַנדערע אַרבייטער־ און געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס. מיר וועלען אַגיטירען און קעמפּפען דאַפיר אַז אין זייער אַלעמענס לעבען און טהעטיגקייט זאָלען דורכ־געפיהרט ווערען די פּרינציפּען פון אמת׳ער, ריינער דעמאָקראַטיע און אויף אַזאַ אופן וועלען מיר העלפען בויען יענע אמת׳ע אַרבייטער־דעמאָקראַטיע וואָס איז אַן אָרגאַנישער טהייל פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע פון דער צוקונפט. און אָט דיזער קאַמפּף וועט זיין זאָגאַר די וויכטיגסטע אויפגאַבע פון דער נייער צייטונג.

פאַר די אַלע אויסגערעכענטע אויפגאַבען און צוועקען איז היינט־צו־טאָג ניטאָ קיין איין אָרגאַן. אונזער פּרעסע ענטוועדער אין די הענד פון פּריוואַט־אונטער־נעהמער, וואָס ווערען געלייטעט פון קאָמערציעלע אינטרעסען און וואָס ווילען און קענען דערפאַר זיך ניט אָבגעבען מיט אַזוינע אויפגאַבען, אָדער—זי ליעגט אין די הענד פון יענע וואָס זיינען אַליין פעראַנטוואָרטליך פאַר די הפקרות, עם הארצות און דעמאָראַליזאַציע וואָס האָבען זיך איינגענעסט אין די רייהען פון דער אידישער אַרבייטער בעוועגונג.

מיר רופען דערפאַר צו אַלע וואָס זיינען אונצופרידען מיט די שאָטענזייטען פון אונזער אידישער אַרבייטער באַוועגונג; צו די אַלע וואָס ווילען העלפען זי רייניגען; צו די אַלע וואָס ווילען בויען אַ ריינע, געזונטע בעוועגונג; צו די אַלע וואָס ווילען הערען אַ פרייען, ערנסטען וואָרט—קומט און שטעהט צו צו אונז, קומט און העלפט אונז דורכפיהרען די שווערע אָבער אַזוי שטאַרק נויטיגע אַרבייט.

די רעדאַקציאָן פון דער "פרייע פּרעסע„

דר. יצחק אייזיק הורוויטץ
דר. ח. זשיטלאָווסקי
יעקב מילך
דר. ק. פאַרנבערג.

סובסקריפּשאָן פאַר די „פרייע פּרעסע": 1.50 דאָלאַר אַ יאָהר.

די וואָס סובסקריבען זיך איידער די צייטונג געהט ארויס פון ערשטען נו־מער אָן וועלען באַקומען אַ גרויסע הנחה און וועלען דאַרפען איינצאָהלען נאָר איין דאָלאַר פאַר אַ יאָהר.

צייטוויליגער אַרעס פאַר בריעף און געלד:

FREE PRESS PUBLISHING ASSOCIATION
Dr. S. Elsberg, Treasurer — 279 E. Broadway, New York, N. Y.

---

# אַן אויסשטעלונג פון דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע

כדי צו פאַרצייכענען און וויזן דער וועלט די דערגרייכונגען פון דעם מזרח־אייראָפּיאייש־יידישן ישוב אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע אויפן געביט פון זשורנאַליזם און פּרעסע, אָרגאַניזירט די צענטראַלע פאַרוואַלטונג פון דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט אַן אויסשטעלונג פון דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע, זינט דער צייט פון איר אַנטשטייאונג, אין 1870 ביזן היינטיקן טאָג.

צוליב דער אויסשטעלונג וועט צום ערשטן מאָל אויפגעזאַמעלט און רעגיסטרירט ווערן אַלץ, וואָס די מזרח־אייראָפּיאישע יידן אין אַמעריקע האָבן געשאַפן אויפן געביט פון פּרעסע און זשורנאַליזם אויף דער יידישער שפּראַך. דערפאַר וועט די אויסשטעלונג האָבן אי אַ ווויסנשאַפטלעכן ווערט, אי אַ געזעלשאַפטלעך־דערציערישע באַדייטונג. די דאָזיקע אויסשטעלונג וועט זיכער באַזוכט ווערן פון טויזנטער דערוואַקסענע און שול־קינדער, און זי וועט זיי דערציילן פון אונזערע אויפטואונ־גען און דערגרייכונגען אויפן געביט פון פּרעסע און זשורנאַליזם דאָ אין לאַנד.

די יידישע קולטור־געזעלשאַפט און דער קאָמיטעט פאַר דער פּרעסע־אויסשטע־

לונג ווענדן זיך דערפאר צו אלע יידישע שריפטשטעלער, זשורנאליסטן און רעדאק־טארן, צו אלע זאמלער פון צייטשריפטן, מיט דער בקשה, צוצושיקן צום אראנזשיר־קאמיטעט זייערע אויסגאבעס פאר דער אויסשטעלונג. איטלעכער, וואס וועט עס נאר פארלאנגען, וועט נאך דער אויסשטעלונג באקומען די עקספאנאטן צוריק. און אויב עס וועלן זיין עקזעמפלארן, וועלכע וועלן ניט געפאדערט ווערן צוריק, וועלן זיי אוועקגעשיינקט ווערן צו יענע צענטראלע ביבליאטעקן, וועלכע פארמאגן זיי ניט, אי דער ערשטער רייע — דעם פרעסע־ארכיוו פון יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטי־טוט. די, וואס וועלן פארלאנגען, אז מען זאל קומען צו זיי נעמען די עקספאנאטן, וועט עס אויך באזארגט ווערן.

אויף דער פרעסע-אויסשטעלונג וועלן געוויזן ווערן: 1) טעגלעכע צייטונגען; 2) וואכנשריפטן; 3) צוויי־וואכנבלעטער; 4) חודש־זשורנאלן; 5) פערטל־יאר שריפטן; 6) אלמאנאכן, יארביכער; 7) בולעטינען פון ארגאניזאציעס און אינ־סטיטוציעס; 8) אומפעריאדישע אויסגאבעס; 9) זאמלביכער; 10) יום-טוב בלעטער, א. ד. ג.

ביי דער אויסשטעלונג וועט דורך ספעציעלע דיאגראמעס און טאבעלעס אנגע־וויזן ווערן דער אנטוויקלונגס-וועג פון דער יידישער פרעסע אין אמעריקע, אין פאר־שיידענע פעריאדן.

אלע די, וואס ווילן אויסבארגן אדער שענקען דער אויסשטעלונג פארשיידענע צייט־שריפטן, זענען געבעטן אויך צושיקן (אויב אזעלכע זענען געווען) די ספע־ציעלע נומערן פון די באטרעפנדע אויסגאבעס, ווי יובילייי־נומערן, ביילאגעס, יום־טוב נומערן, א. א. וו.

לכבוד דער אויסשטעלונג וועט ארויסגעגעבן ווערן א זאמלבוך מיט ארטיקלען און פאטאגראפיעס פון יידישע צייטונגען און זשורנאלן. אין דעם בוך וועלן אויך באשריבן ווערן א רייע צייטשריפטן, וואס וועלן געוויזן ווערן אויף דער אויס־שטעלונג.

די צענטראלע פארוואלטונג פון דער יידישער קולטור-געזעלשאפט און דער ספע־ציעלער אראנזשיר־קאמיטעט האפן, אז אלע יידישע שריפטשטעלער, זשורנאליסטן, רעדאקטארן און קאלעקציאנערן וועלן טאן זייער חוב און זען, אז די אויסשטעלונג זאל איינגעארדענט ווערן אזוי, אז זי זאל באמת געבן א בילד פון דער יידישער פרעסע און איר געשיכטע אין אמעריקע.

אלע עקספאנאנטן פאר דער אויסשטעלונג בעט מען צושיקן אויפן פאלגענדן אדרעס: יידישע קולטור־געזעלשאפט, 149 צווייטע עוועניו, ניו־יארק, נ. י.

צענטראלע פארוואלטונג — יידישע קולטור־געזעלשאפט

דער אראנזשיר־קאמיטעט.

ב. י. ביאליסטאצקי, ב. צ. גאלדבערג, פ. געליבטער, ס. דינגאל, אלכסנדר הארקאווי, פרץ וויערניק, ב. וולאדעק, דר. חיים זשיטלאווסקי, מ. ח. טויזנער. ד. ב. טירקעל, ש. יודסאן, יעקב לעווין, ג. לוצקער, דר. ש. מארגאשעס, יוסף מארגאשעס, דר. א. מוקדוני, א. ר. מלאכי, ש. מענדעלסאן, מ. מענטשעל, ש. ניגער, דר. מ. סאלטעס, מ. עלקין, דוד פינסקי, נ. פיינערמאן, יעקב פישמאן, דר. יעקב שאצקי, א. שולמאן, משה שטארקמאן און יודא יאפע.

פון דער רעדאַקציע: —מיר גיבן דאָ די פּראָגראַם־דערקלערונג פון דער „ניו יאָרקער יודישער פאָלקסצייטונג“, אַ פּריוואַטע סאָציאַליסטיש־נאַציאָנאַליסטישע וואָכנשריפט, וואָס איז דערשינען אין ניו יאָרק בעת די יאָרן 1886—1889, אונטער דער רעדאַקציע פון א ב. ב ר אַ ס ל אַ ו ו ס ק י און ד ר. מ אָ ז ע ס מ י נ ץ. די פּראָגראַם־דערקלערונג איז גענומען פון דעם ערשטן נומער, וועלכער איז אַרויס דעם 25טן יוני, 1886.

# דיא פּראָגראַמע

## פון דער נ. י. יודישער פאָלקסצייטונג

אַ יודישער אַרבייטער, וועלכער וויל נוטצליך פערברענגען זיינע טעגליכע פּאָאָר שטונדען, בעצאָהלט אַ פּאָאָר סענט פאַר אַ בלאַט צייטונג אום זיא צו לעזען.

וואָס זוכט ער אין דער „צייטונג“? וואָס וויל ער דאָרט געפינען?

אַלס אַרבייטער איז זיין לאַגע גלייך פערבונדען מיט אַללע אַרבייטער פון דער וועלט. זיין שיקזאַל העננגט אָב פון דעם שיקזאַל פון דיא איבריגע אַרבייטער; זיין צוקונפט איז דיא צוקונפט פון אַללע זיינע מיטברידער, זיינע האָפנונגען זענען דיא זעלבע וויא פון דיא לעצטע. ער זעהט, ער ווייסט, ער פיהלט, אַז אין דער קייט פון דער אַרבייטער־וועלט איז ער אַ גלייכער רינג מיט דיא איבעריגע. אַז דיא זעלבע קראַפט וואָס האַלט צוזאַממען אַללע רינגען, האַלט איהם אויך. ער פערשטעהט, אַז וואָס די רינגען זענען שטאַרקער אויסגעגאָסען איז דיא קייט שטאַרקער און שווערער צום צוברעכען... אויך זעהט ער, אַז דיא קייט ווערד אַללע מאָהל גרעססער, שווערער און לענגער און מיט איהר ווערד אויך גרעססער און שטאַרקער דיא קראַפט וואָס האַלט זייא צוזאַממען.

פון דער צווייטער זייט זעהט ער אַן אַנדערע מאַכט, אַ קאַפּיטאַליסטישע קראַפט, וועלכע בעניטצט אַללע איהרע מיטלען אום צו צערייסען דיא קייט פון דיא אַרבייטער, צו ברעכען און צו שיטען אַללע איהרע אויפגעבינדענע רינגען, וואָס דיא קאַפּיטאַליסטען מיינען מיט דעם, פערשטעהט ער גאַנץ גוט: איינעם איז פיעל לייכטער צו קוועטשען און אונטערדריקען וויא עטליכע צוזאַממען.

אַזעלכע פערשיעדענע שטרעבונגען בילדען אַ קריעג און אַ שטאַרקען קאַמפּף צווישען דיא פערשיעדענע צווייא קלאַססען; דיא אַרבייטער און דיא קאַפּיטאַ־ליסטען. וואָס ווייטער ווערד דער קריעג גרעססער און שטאַרקער; וואָס מעהר דיא קאַפּיטאַליסטען דרענגען פינדען זיך דיא אַרבייטער צוזאַממען מיט אַ שטאַר־קערען צעמענט, נעהמען זי פעסטער פאַר דיא הענד און ווערען וואַרמערע ברידער.

וואָס קאָן אַרויס קאָמען פון אַזאַ קריעג? וויא לאַנג קאָן ער דויערן, ווען האָט ער זיך אָנגעהויבען, ווער ווירד זיין דער בעזיגער, דער געווינער? אין וואָס פאַר אַ לאַגע געפינט זיך יעצט דער קאַמפּף? וואָס פאַר אַ מיטלען האָבען דיא אַרבייטער דערצו וואָס דענקען דאַריבער דיא פּאָרשטעהער פון דער אַר־בייטער באַוועגונג, דיא געבילדעטע מעננער, וועלכע פערשטעהען דען קאַמפּף זעהר גוט? וואָס פאַר אַ ראַטה לעגען זייא פאָר? אויף דיא אַללע וויכטיגע פראַגען זוכט דער יודעשער אַרבייטער אַלס אַרבייטער אַ ריכטיגען אַנטוואָרט אין דעם בלאַט צייטונג וואָס ער הויבט אָן צו לעזען.

אַלס יוד איז זיין לאַגע גאַנץ אַנדערס. דיא יודישע פראַגע איז נאָך גאַנץ אָפען. מיט איהר איז ער אָפּגעשיעדען פון דער גאַנצער וועלט, מיט איהר האָט ער נאָך גאַנץ אַלטע און גרויסע רעכנונגען. אין פעלד קאַמפּף, אַלס אַרבייטער האָט ער זעהר פיעל מיט ברידער. אין פעלד קאַמפּף אַלס יוד האָט ער זעהר וועניג. דיא יודישע פראַגע איז זעהר וויכטיג און זיא פערדיענט אַז מען זאָלל גוט טראַכטען אום אַ גוטען אַנטוואָרט צו געבען. דעם אַנטוואָרט קאָן ער פער־שטעהען נור דאַמאָלס, ווען ער ווירד זיין בעקאַנט מיט דער יודישער געשיכטע.

אַלס מענש האָט דער יודישער אַרבייטער דאָס רעכט צו וויססען דיא לאַגע און דיא רעזולטאַטען פון דער יעצטיגער בילדונג, ציוויליזאַציאָן און קולטור — צו וויססען פון אַלע ערפינדונגען און פון יעדעם טריט פון דעם מענשליכען פּראָגרעסס.

אויך איז וויכטיג פיר איהם צו לעזען פערשיעדענע וויכטיגע און פיינע

אָריגינעלע ערצעהלונגען, אויך וויא גוטע איבערזעטצונגען.

אַלס מיטגליעד פון דיא אַמעריקאַנישע שטאַאטען איז פיר דעם יודישען אַרבייטער זעהר וויכטיג צו וויססען דיא לאַגע פון דיא פּאָליטישע פראַגען אין אַמעריקאַ, אויך פון אַנדערע פערשיעדענע פעלקער, וויא פון דיא, וואָס האָבען פערקעהר מיט אַמעריקאַ, וויא אויך פון גאַנץ ווייטע לענדער וויא דער היממעל איז נאָך דיק בעזעצט מיט פינסטערע וואָלקענס, וויא דיא שטראַהלען פון דער ליכטיגער זון פון דער ציוויליזאַציאָן שיינען זעהר זעלטען און וויא דער מענש שטעהט נאָך גאַנץ נאָהנט צו דער פיערפיסיגער טיהר.

דאָס זענען דיא הויפּט פּונקטען, וועלכע דאַרפען און מוזען ליגען אַלס פונדאַמענט פאַר אַ צייטונג, וועלכע ווערד געלעזען פון דיא אידישע אַרבייטער.

ווען ביר בעטראַכטען דיא פונדאַמענטען, אויף וועלכע זענען געבויעט דיא פאַרשיעדענע אַמעריקאַנישע יודישע צייטונגען, זעהען מיר דאָרט צווישען דיא שטיינער גאַנץ גרויסע לעכער, זעהר פיעל אונרעגעלמעססיקייטען און אַ היבשע צאָהל פערנאַכלעססיגקייטען. דיא שטאַרקייט פון אַ געביידע הענגט אָב פון דער שטאַרקייט פון דעם פונדאַמענט. אַ שוואַכער פונדאַמענט צייגט אַז דער אַרכי־טעקטאָר האָט גאַנץ וועניג פערשטאַנד איבער דער קונסט פון בויען. דאַרום האַלטען מיר פיר רעכט און גוט בעקאַנט צו מאַכען דיא יודישע פובליק מיט דער פּראָגראַממע און מיט דעם פונדאַמענט פון אונזער צייטונג.

## דיא פּראָגראַממע איז פאָלגענדע:

1. דיא אַרבייטער פראַגע, איהרע גאַנצע ענטוויקלונג פון אָנפאַנג ביז יעצ־טיגער צייט, אַללע טריט, וועלכע דיא אַרבייטער האָבען געמאַכט אין פערשיעדענע לענדער אום צו פאַרבעססערען זייער לאַגע, און אַללע מיטלען, וועלכע זענען פאָרגעלעגט געוואָרען פון דיא געלעהרטע און וויכטיגסטע פאָרשטעהער פון דער אַרבייטער בעוועגונג אום מיט דער אַרבייטער פראַגע אַן ענדע צו מאַכען.

2. אַ שטאַרקע, פעסטע און ריכטיגע פראָפּאַגאַנדע און ערקלערונג פון דיא יעניגע וואַרהייט און אידעאַלען, וועלכע מוזען אַריינדרינגען אין דיא הערצער און אין דיא געדאַנקען פון אַללע אַרבייטער און וועלכע וועללען אַם ענדע ברענ־גען דיא וועלט צו גלייכהייט, פרייהייט און ברידערליכקייט.

3. דיא לאַגע פון דעם יודישען אַרבייטער אין דער וועלט אים אַלגעמיינעם און בעזאָנדערס אין אַמעריקאַ.

4. דיא יודעשע פראַגע אין פערבינדונג מיט דער ענטוויקלונג פון דער קול־טור און דער ציוויליזאַציאָן בייא פערשיעדענע פעלקער.

5. דיא אַלגעמיינע ענטקוויקלונג פון דער קולטור און דער ציוויליזאַציאָן אין פערשיעדענע שטעללען פון דער וועלט פון דיא אַלטע צייטען ביז יעצט.

6. דיא הויפּט אַרטיקלען און מאָמענטען פון דער יודעשער געשיכטע צו־צוזאַמענגעזעצט פון דיא בעסטע און וויכטיגסטע יודישע געשיכטע שרייבער.

7. אינטערעסאַנטע אָריגינעלע ערצעהלונגען און גוטע איבערזעטצונגען פון דיא נייעסטע שריפטשטעללער.

8. דיא לאַג פון דיא פּאָליטישע פראַגען בייא פערשיעדענע פעלקער.

דיא ענטוויקלונג פון דיעזער פּראָגראַממע ווירד זיין דיא געביידע פון אונ־זער צייטונג, דיא ריינע וואַהרהייט, דיא ריכטיגע קריטיק ווירד זיין איהר פונ־דאַמענט, אוןביידע צוזאַממען וועללען זיין אַ שפּיגעל, אין וועלכען דער יודעשער אַרבייטער ווירד זעהען זיין געשטאַלט אין דער אַלטער וועלט, זיינע פיזיאָנאָמיע אין יעצטיגער צייט און פיעלע שטריכען פון זיין צוקונפט.

## אַ פּאָאַר ווערטער וועגען דער שפּראַך

דער יודישער זשאַרגאָן איז צוזאַממענגעזעצט פון ווערטער פון פערשיעדענע שפּראַכען. ער איז אָהן רעגלען און אָהן אַ גראַממער. מיר האַלטען פיר אונ־ניטצליך אַריינצוברענגען אין אונזער צייטונג נור איין זשאַרגאָן. דאַרום זאָללען אונזערע ווערטהע לעזער זיך נישט וואונדערן, דאָס פערשידענע אַרטיקלען זאַנען אויף פערשיעדענע זשאַרגאָנן געשריעבען. מיר האַלטען נור פיר רעכט אַללע רוססישע ווערטער פון אונזער צייטונג אַרויס צו וואַרפען".

# Significance of Yiddish Press Archives

**(Living Records of Jewish Communal Life)**

By MORDECAI SOLTES, Ph.D.

On the occasion of the 1934 Exhibit of the American Yiddish Press, arranged under the auspices of the Yiddish Culture Society, it is in place to direct public attention to the paucity of the provisions which have hitherto been made for assembling copies of Jewish newspapers in the United States and maintaining up-to-date files.

As I took occasion to point out in my study of the Yiddish press, completed about a decade ago at Teacher's College, Columbia University, the Yiddish newspapers have been known to occupy an unusually strategic position as moulders of Jewish public opinion. They have drawn their extensive circulation primarily from amongst persons who were not in the habit of reading newspapers regularly in their lands of origin. Because they have particularly created their own reading clientele, they have been exerting a profound influence upon the mind-content of their readers.

In addition, the Yiddish newspapers have been generally recognized as fruitful sources of information and data concerning contemporary Jewish life and history. Their news columns not only contain a wealth of material regarding current Jewish events in the various centers of Jewish population in America, but they also mirror, in their editorial pages and articles, the expression and fluctuation of Jewish public opinion, whereby the emergence of newer tendencies and attitudes on outstanding issues and movements agitating American and world Jewry, may be readily traced.

A perusal of the annual reports of the Librarian of Congress reveals what significance is attached to the discovery of old copies of American periodicals, and the maintenance of up-to-date files of newspapers. If the attainment of this objective is important with regard to the general press, it is of equal, if not of greater importance in the case of the Jewish press in America. This becomes clear when the Jewish situation in our country is compared with that of European lands. In the latter, despite the impoverished condition of our brethren, a record of Jewish life is reflected in the archives and documents maintained by each Kehillah or community. In the absence of such an organizational system of records in the Jewish communities of the United States, the Jewish press performs this vital function. It is evident, therefore, that the failure to locate particular issues of Jewish newspapers frequently implies a real loss from the point of view of the history of Jewish communal life.

Our experience with the preparations for the Yiddish Press Exhibit hitherto have been quite gratifying. The response to the appeal which the Committee made to the Jewish public to place at its disposal single copies or files of old peiodicals of Jewish interest, has been widespread. There is no reason why this campaign should not continue throughout the period of the press exhibit, and beyond that, too. It will render an invaluable service if it will awaken possessors of old Jewish newspapers to their responsibility in this matter, and help lay a basis for the establishment of complete archives of the Jewish press in the future.

This manifestation of interest encourages us to reiterate our appeal to private collectors, individuals as well as organizations, to contribute periodicals—volumes, whether complete or not, as well as individual copies of Jewish magazines and newspapers, to whatever library they choose. We have learned to our dismay, of some private collections, guarded meticulously during the life-time of the owners, which were unceremoniously thrown into the ash can or furnace by relatives or housekeepers, who were entirely ignorant of their intrinsic value. Rare copies, some of them irreplacable, were thus lost through ignorance and carelessness.

Would it not be the height of wisdom for persons in possession of copies or collections to entrust them, during their life-time, to the care of agencies that are in a position to appraise their value, and are equipped to preserve and treasure them as they deserve to be.

An essential forward-step which has been suggested is the decentralization of the Yiddish Bibliographical Service, and the inauguration of a system of regional files. Berkeley University in Los Angeles, for example, includes in its files newspapers in all languages which have been published in the State of California.

It is greatly to be regretted, therefore, that our generously supported network of libraries, which have been on the whole fairly progressive in their policies and technique, should have seen fit to adopt so provincial an attitude with regard to so vital a question.

The head of the Jewish Division in the Library of Congress ought to lose no time in putting this constructive proposal into effect. He is the logical person to attempt to correlate this important phase of the work carried on in the outstanding Jewish and gentral libraries, and to effectuate a system of regional files, concentrating his attention particularly upon the cities which constitute substantial centers of Jewish population, such as New York, Chicago, Philadelphia, etc.

It appears to me to be an opportunte time to press for action that will help to remedy this deplorable situation without undue loss of time.

# באַגריסונג

## פון

Vorwarts



# פאָרווערטס



Forward

אַ באַגריסונג פון

# אַרבעטער רינג



175 איסט בראָדוויי

ניו-יאָרק

---

באַגריסונג פון

## אַמאַלגאַמייטעד קלאָטהינג וואָרקערס

## אָוו אַמעריקא

**סידני הילמאן**
גענעראל פרעזידענט

**יוסף שלאָסבערג**
גענעראל סעק.-טרעזשורער

גענעראל עקזעקוטיוו באָארד:

אויגוסט בעלאנקא
היימאן בלומבערג
אייבראהאם טשאטמאן
דזשעק קראל
ליאָ קשיצקי
סעמועל לעווין

אנצינא ד. מארימפיעטרי
אייבראהאם מילער
סידני ריסמאן
פרענק ראָזענבלום
מיימי סאנאָרא
סטיפאן סקאלא

Official Publication
"ADVANCE"

490 Astoria Press, 61 E. 4th St., New York

# STUDIES IN HISTORY
## of the
# Yiddish Press in America

•

Edited by
JACOB SHATZKY, Ph. D.

•

Published by
YIDDISH CULTURE SOCIETY
149 Second Avenue
New York

1934